# ריווע יאַניש








ניו־יאָרק 1968

RIVA YONISH

# GUEST

(GUESTS)



הילע און שער־בלאַט געצייכנט פון ברק נחשולי (חולון, ישראל)

הויפּט־פאַרקויף „ציקאָ״־פאַרלאַג

Printed in the U. S. A. by

KNIGHT PRINTING CORPORATION

382 Lafayette Street, New York, N. Y. 10003

96

# אינהאַלט:

זייטל

# אַ וואָרט פון מחבר

לכתחילה איז דאָס דאָזיקע בוך געשריבן געוואָרן אין דער פאָרם פון אַ טאָג־בוך, אָן שום פּניות. עס איז געווען אויף דער שיף, ווען צייט ווערט רעלאַטיוו און אַ ביסל מאָנאָטאָן, און מען ווייסט ניט, וואָס מיט זיך צו טאָן. באַקלאָגט מען זיך, מען „יאַדעט" דעם מאַן אַ ביסל. דאָס לעצטע האָט געהאָלפן, „פעטער חיים" האָט מיך אַריינגעשטופּט אין זאַל פון 1טן קלאַס, געגעבן אַ פּען מיט אַ סך פּאַפּיר און באַפעלעריש אַ זאָג געטאָן: — נאַ, שרייב! שרייב, וואָס דו ווילסט. שרייב איינדרוקן, טיפּן, די רייזע — אַלץ! — אָנגעשריגן און אַוועק.

איך בין געבליבן זיצן אַ פאַרטראַכטע מיט זיך אַליין. אַרום איז שטיל. דער ים רוישט, די שיף האָצקעט אונטער אַ ביסל. איך פאַרגעס אַפילו די נודאָטע, וואָס שפּאַרט אונטערן האַרצן, און הייב אָן אויטאָמאַטיש צו שרייבן אַ טאָג־בוך.

די מעשה מיט שרייבן אַ טאָג־בוך איז ניט אַזוי גרינג. עס קומט אוים אַ מאָל דורכצולאָזן טעג מיט דאַטעס צוליב ניט פאַרויסגעזעענע סיבות, ווי ים־קראַנקהייט. האָב איך אָנגעהויבן אויסצולאָזן דאַטעס און געשריבן גלאַט אַזוי.

ווען כ'האָב איבערגעלייענט די ערשטע עטלעכע זייטלעך פאַרן „פעטער חיים", גאָלדען און אַנדערע פריינט, זיינען זיי געוואָרן באַגייסטערט ביז גאָר. ביסלעכווייז, ביסלעכוויז האָט זיך מיר אָנגעזאַמלט אַ היפּשער אינטערעסאַנטער מאַטעריאַל און כ'האָב עס אָנגעהויבן צו באַאַרבעטן אויף אַ בוך.

ווייל איך טאַקע ביי דער געלעגנהייט האַרציק באַדאַנקען אַ סך פון מיינע פריינט, נאָענטע און ליבע, וואָס האָבן מיר אַזוי פיל געהאָלפן און דערמוטיקט אַרויסצוגעבן דאָס דאָזיקע בוך.

צוערשט מיין טייערן, ליבן ח. ש. קאַזשדאַן. ער האָט זיך גענומען די מי איבערצולייענען דעם מאַנוסקריפּט פון אָנהייב ביזן סוף. הגם ער איז אידעאיש ניט איינשטימיק מיט מיר דאָך האָט ער מיך געראָטן דאָס בוך אַרויסצוגעבן. „האַלט עס ניט ביי זיך אין טישקעסטל, ווי אַ זיסע דעראינערונג, נאָר גיט עס אַרויס". ער איז פאַר מיר געווען דער פּוסק אחרון. איך בין אים זייער דאַנקבאַר דערפאַר, ווייל זיין מיינונג איז ביי מיר מער ווי חשוב.

גאָר אַ סך אַרבעט און מי האָט אַריינגעלייגט מיין קוזינע ליבע פרידאָוויטש ביים אָפּקלאַפּן אויף דער מאַשינקע דעם גאַנצן מאַנוסקריפּט. אַליין אַ שטאַרק פאַרנומענע געזעלשאַפטלעך און

אין שטוב, האָט זי געפונען גענוג צייט צו מאַכן עס אַזוי שנעל און פּינקטלעך. מיין גרעסטן דאַנק צו איר!

און צום סוף, אָדער צום אָנהייב, ווידער אַ מאָל „פּעטער חיים״. ווען ניט ער, וואָלט גאָרניט ניט געווען, ער איז דער הויפּט-מחותן און דער הויפּט-העלד! איך מוז אים עפנטלעך אויסדריקן מיין באַוואונדערונג פאַר זיין מבינות, קענטעניש און גוטע עצות אין ענין קאָרעקטור. זיין געדולד צו מיר פאַר אַלע מיינע קאַפּריזן, וואָס ער האָט, נעבעך, געדאַרפט אויסשטיין, אַ מאָל זיך אַמפּערנדיק איבער אַ וואָרט, איז אין לשער.

איז אויב ערגעץ וואו געפינט זיך דאָך עפּעס אַ פּגימה (ס׳זאָל אַזוי ניט טרעפן, ווי עס טרעפט!), איז עס ניט זיין שולד, ווייל מען איז דאָך ניט מער ווי אַ מענטש.

און איצט אַ פּאָר ווערטער צום לייענער:

דאָס דאָזיקע בוך, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר אַ קאָלעקציע פון דערציילערישע רעפּאָרטאַזשן, האָב איך אָנגעשריבן נאָך מיט פינף יאָר צוריק. דער מאַטעריאַל, אויף וועלכן איך האָב באַזירט מיינע דערציילונגען, איז אַ רעאַלער. אַלע עפּיזאָדן, וואָס ווערן דאָ באַשריבן, האָבן פאַקטיש פּאַסירט און זיינען פריי פון פיקציע. מיין כוונה איז געווען צו באַשרייבן אַלץ וואָס איך האָב געהערט און געזען, אַזוי אָביעקטיוו ווי מעגלעך. איך האָף, אַז דאָס איז מיר געלונגען און אַז דער לייענער וועט עס אויך אַזוי אויפנעמען.

אין משך פון די 5 יאָר זיינען אַ סך שינויים פאָרגעקומען אין מדינת ישראל, סיי אין איר אויסערלעכן כאַראַקטער, סיי אין איר אינערלעכער סטרוקטור. אַזוי, למשל, האָט זיך אויך געביטן צום בעסערן דער קוריקולום פון די שולן. ווי דער לייענער וועט באַמערקן, האָב איך אין איינער פון מיינע דערציילונגען באַשריבן די רעאַקציע פון דער יוגנט לגבי די יידן אין די אַזוי-גערופענע תפוצות. עס איז ניט געווען מיין כוונה, חלילה, צו באַשולדיקן דעם תלמיד. שולדיק איז דער מחנך, וואָס האָט דעם תלמיד אַזוי דערצויגן.

ביי היינט-צו-טאָג זיינען שוין איינגעפירט קורסן פאַר יידיש און מען הייבט שוין אָן ביסלעכווייז פאַרבינדן דעם היינט מיטן עבר. איך וויל האָפן, אַז די סיסטעם פון דער דערציאונג האָט זיך אין משך פון די 5 יאָר טאַקע געביטן צום בעסערן, וואָס עס איז שייך דער באַציאונג צווישן די ישראלים און די יידן אין די תפוצות.

ר. יאָניש

# אַ גאַסט קומט

אין אַ שיינעם יום־טאָג קומט אָן אַ בריוו פון ישׂראל מיט דער גוטער בשׂורה, אַז אַ גאַסט קומט צו אונדז. עס איז קיין נייעס ניט פאַר אונדז צו באַקומען בריוו פון ישׂראל. דער פעטער חיים, זאָל געזונט זיין, האָט דאָרט קיין עין־הרע אַ גרויסע משפּחה, און זינט דער אַנט־שטייאונג פון מדינת ישׂראל האָבן מיר ניט אויפגעהערט צו טראַכטן וועגן זיי צו באַזוכן. אָבער אַז פון דאָרט זאָל קומען צו אונדז אַ גאַסט, דאָס איז שוין עפּעס אויסערגעוויינלעך. דער שרייבער פון בריוו, ד״ר זאב יאַניש, פלעגט אַלעמאָל „קלאַפּן טרעזוואָגע״ ווי מען זאָגט, וועקן, רופן און מינטערן פאַרוואָס מע קומט ניט אַהין זען די חידושים פון לאַנד, זיך באַקענען מיט דער פאַרצווייגטער משפּחה יאַניש, קיין עין־הרע. עס איז גלאַט אַ חרפּה ניט צו קומען, ווען ווילד־פרעמדע, וואָס האָבן קיינעם ניט דאָרט, קומען פון צייט צו צייט אויף אַ באַזוך און מיר דאָ „רייטן אויפן גאָלדענעם קאַלב״ און רירן זיך ניט פון אָרט! וואו איז דאָס געהערט געוואָרן, אַז אַ ברודער זאָל זיך ניט זען מיט אַ ברודער שוין איבער 30 יאָר? און וואו זיינען די איבעריקע פון דער משפּחה, פּלימעניצעס, פּלימעניקעס, קוזינעס, קוזינס, שוועגערינס און נאָך און נאָך?!

נאָך אַזאַ פאַרציע מוסר פלעגט ווערן מאָדנע פּריקרע אויף דער נשמה: זיי זיינען דאָך טאַקע גערעכט! אָבער וואָס טוט מען מיט די קינדער? זיי זיינען נאָך צו קליין זיי איבערצולאָזן; די אַרבעט אין שאַפּ, ווער ווייסט צי דו וועסט קריגן צוריק דעם פּלאַץ, און דער עיקר — וואו נעמט מען אויף הוצאות? דערווייל האָט מען מיט אַלערליי תּירוצים און צוזאָגונגען אָפּגעשטופּט די צייט אויף שפּעטער. און דאָ קומט זאבס בריוו, דער הויפּט־שרייבער פון דער משפּחה.

זאב איז חיימ׳ס אַ פּלימעניק. זיי זיינען כּמעט אין דעם זעלבן עלטער. אויב חיים איז דער פעטער, איז דאָס זיין מאַמעס שולד, וואָס זי איז פאַרגאַנגען אין טראָגן כּמעט גלייך מיט איר עלטערער שנור און געהאַט אַ יינגל מיט וואָסערע 5 מאָנאַטן פריער. ניט נאָר זיינען זיי כּמעט גלייך אין יאָרן, נאָר אויך גלייך אין דער מאָס עקשנות...

אַלזאָ, דער גאַסט איז גאָלדע, זאב׳ס שוועסטער. איך בין געוואָרן צעמישט, ניט געוואָלט גלויבן. איך האָב זי ניט געקענט, נאָר פון די

אָפטע בריוו פון איר ברודער האָב איך זיך דערוואוסט די גרויסע טראַגעדיע, די טראַגעדיע פון גאָלדען. „גאָלדע — שרייבט ער — איז ווי דער טיפּ רחל־לאה ביי שלום אַש. זי איז די אַקס פון דער משפחה, וואָס אַלץ דרייט זיך אַרום איר. אָן איר איז קיין שבת ניט, קיין שמחות ניט. ביי איר טיש קומט זיך צוזאַמען די גאַנצע משפחה. זי טראָגט דעם עול פון אַלץ און אַלעמען. זי לעבט בלויז פאַר אַלעמען, אָבער פאַר זיך אַליין דאַרף זי גאָרניט און וויל גאָרניט, אַפילו ניט קיין בולקע מיט פּוטער ווי באַנטשע שווייג. איר פאַמיליען־לעבן איז איין גרויסער אומגליק, וואָס האָט איר געבראַכט צו איר איצטיקן צושטאַנד. ניט געטראָפן מיטן ערשטן מאַן, דער צווייטער איז אויך אַ גראָבער יונג, וואָס דערגייט איר די יאָרן. דער איינציקער ליכטיקער שטראַל און האָפענונג איז איר איינציקער זון אליהו, וואָס דינט איצט אין דער אַרמיי אַלס אָפיציר". און דאָ קומט דער שרעקלעכער סוד אין בריוו: זי ליידט אויף אַ געפער־לעכער קרענק און זי איז אַזוי גוט ווי פאַרמשפּט. „זעט צו פאַרשאַפן איר אַ ביסעלע פאַרגעניגן, האַלט זי ווי לאַנג נאָר איר קענט, וואָס לענגער אַלץ בעסער. גאָלדע פאָדערט ניט קיין סך, זי באַנוגנט זיך מיט זייער ווייניק, דער עיקר ביי איר איז דאָס אַנטלויפן פון זיך אַליין, נו, קען מען? זי אַליין ווייסט ניט איר לאַגע, נעבעך, טאָ זעט טוט וואָס איר קענט". אַזוי האָט געשריבן איר ברודער ד"ר יאַניש.

אַ גאַנצע נאַכט האָב איך ניט צוגעטאָן מיט קיין אויג נאָכן איבער־לייענען דעם בריוו. איך האָב אַלץ געטראַכט און געמאַכט פּלענער ווי אַזוי אויפצונעמען דעם גאַסט און דערביי האַנדלען נאַטירלעך און ניט אַרויסגעבן זיך, אַז איך ווייס עפּעס.

דער פעטער חיים איז אויך געווען צעטראָגן, נאָר אויף אַן אַנדער שטייגער. ער האָט אָנגעהויבן שפּאַנען איבער אַלע צימערן מיט די הענט אין די קעשענעס, מעשה גרויסער באַלעבאָס, און באַטראַכט יעדן געגנשטאַנד, געקוקט, גענישטערט, פּונקט ווי ער וואָלט נאָרוואָס זיך אַריינגעצויגן אין אַ נייער דירה. פּלוצלונג איז אים קיין זאַך ניט געפעלן געוואָרן, כאָטש נעם צעשפּאַר די ווענט און וואַרף אַרויס האַלב פון דער ווירטשאַפט אין דרויסן.

— אָט די שטול מוז טאַקע שטיין דאָ? — גיט ער אַ פרעג.

— וואו דען זאָל זי שטיין? — ענטפער איך מיט אַ פראַגע — זי שטייט דאָך אַלעמאָל דאָ.

— אַלעמאָל איז אַן אַנדער זאַך, נאָר איצטער טויג ניט, מע קען נאָך אָפּהאַקן די זייטן.

אין אַ ווײַלע אַרום — ווידער אַ פראַגע:

— וועלכן צימער וועסטו געבן גאָלדען?

— איך רעכן זיסלס צימער און זיסל וועט שלאָפֿן אין גאַסט־צימער, וואָס איז אין שכנות מיט אונדזער שלאָפֿצימער. ווי מיינסטו?

— עפּעס אַ גוטער מאַטראַץ אין בעט?

— וואָס רעדסטו, ס׳איז דאָך אַ ניי בעט און דער זעלבער מאַטראַץ וואָס ביי אונדז!

— נו, גוט, — איז ער שוין מסכּים — אָבער דו מוזט זען האַלטן דיינע מוידן אין צאַם. (איצטער זיינען זיי שוין מיינע מוידן)! זע זיי זאָלן ניט שרייען און ליאַרעמען און ניט אָנוואַרפֿן זייערע זאַכן אומעטום. עס וועט זיין אַ חרפּה און אַ שאַנדע, זי וועט האָבן די ריכטיקע מיינונג וועגן דיר, ווייל דו האָסט דאָך זיי אַזוי דערצויגן. יאָ, דער עיקר זיי זאָלן נאָר ניט נעכטיקן אין בית־הכּסא. זיי, אַז זיי כאַפּן זיך אַריין דאָרטן, דערלעבן זיי ניט אַרויסצוגיין!

— וואָס מיינסטו, איך האָב ניט מער וואָס צו טאָן ווי זיין אַ שומר ביים בית־הכּסא? און וואָס עפּעס מיינע מוידן? דו האָסט שוין גאָרניט קיין שייכות צו זיי?

געוואָלט האָב איך זיך גוט אַרויסכאַפּן אויף אים און אויסבייטלען מיינע וויסטע חלומות צו זיין קאָפּ, נאָר דער טעלעפֿאָן האָט אים געראַ־טעוועט. עמיצער האָט מיך גערופֿן. כ׳האָב געמיינט, אַז איך בין שוין פּטור אַן עסק, ער וועט זיך שוין איינשטילן ווי ניט איז. ערשט אַ נעכטיקער טאָג. ער האַלט נאָך אין איין פֿאַדען, אַזוי ווי אַ הון מיט אַן איי, קוקט און שמעקט און פּלוצלונג פֿון דער העלער הויט אַרויס, גיט ער מיך אַ פֿרעג:

— נו, און וואָס וועט זיין מיט דער קאַץ? דו האָסט שוין עפּעס צוגעטראַכט וואָס צו טאָן מיט איר?

— וואָס פֿאַראַ פּראָבלעם זאָל זיין מיט דער קאַץ? זי וועט אם ירצה השם האָבן קעצלעך, אין אַ גוטער, מזלדיקער שעה און דיך מאַכן פֿאַר אַ זיידן. איז דאָס נאָך ווייניק פֿאַר דיר?

— ניט דאָס מיין איך, גיי שוין, גיי, משוגענע! דאָ גילטן ניט קיין חכמות. כ׳מיין די קאַץ, אַרום דער קאַץ, דאָס האַלדזן זיך מיט איר, דאָס קושן זי, און...

— הער זיך איין, חיים, האַק ניט קיין טשייניק. די קאַץ איז אַ מיטגליד פֿון דער פֿאַמיליע, זי שטאַמט פֿון אַ גרויסער יחוסדיקער משפּחה, פֿון דעם אַנגאָראַ־סאָרט און זי איז אינטעליגענט. זי פֿאַרשטייט ווי זיך צו האַלטן, הלוואי אויף מיינע מוידן געזאָגט געוואָרן!

פֿונדעסטוועגן האָט ער נאָך אַלץ געבורטשעט און געוואָרטשעט און אַרומגעטשאַפּעט איבערן הויז, זוכנדיק עפּעס, אַזוי ווי אַ באַלעבאָסטע אויף מאָרגן נאָך פּורים אַן אָרט פֿאַר דעם פֿעסל בוריקעס אויף פּסח.

מיך האָט שוין אינגאַנצן פאַרדראָסן, אויף אַזאַ מהומה האָב איך זיך ניט געריכט. ווי וועט שוין זיין שפּעטער, ווען זי וועט שוין זיין דאָ? אַז איצט איז שוין ביי מיר אַ גהינום. דאָ לאַכט מען צו הויך, דאָ איז מען צו ווילד. איינע רעדט צו לאַנג אויפן טעלעפאָן — איז דאָס נאָרמאַל? די צווייטע שוויגט אינגאַנצן און גייט ניט אַרויס אונטער דער שוועל — איז דאָס נאָרמאַל?

— חיים, באַרואיק זיך, איך דאַרף ניט אַרויסקריכן פון דער הויט צו מאַכן דעם געהעריקן איינדרוק. לאָז מיך זיין נאַטירלעך און מושטיר מיך וויניקער, און דו אַליין ביסט אינגאַנצן אין אָרדענונג?

אַ ביסל האָט געהאָלפן און ער האָט זיך באַרואיקט. אַ ברירה האָט ער געהאַט?

די צייט שטייט ניט דערוויל. די פּאָר מאָנאַטן ביז גאָלדעס קומען האָבן זיך אָנגעהויבן אַוועקרוקן. עס רעדט זיך אַוועקרוקן. אודאי זיינען געווען גרויסע היצן ניט אַריבערצוטראָגן, דערפאַר האָבן מיר איר טאַקע געשריבן זי זאָל בעסער קומען אין האַרבסט. ווער רעדט נאָך ווען עס טרעפט דאָ אַ האַבסט ווי אַן אינדיאַנישער זומער, איז דאָך קיין בעסערס און שענערס ניטאָ אויף דער גאַנצער וועלט! אויסער דעם קומט נאָך האַרבסט ווינטער, און אַז גאָט וועט העלפן אַזאַ ווינטער ווי מיר האָבן געהאַט פאַראַיאָרן, מיט אַזויפיל שניי און זאַווערוכעס, וועט זי זיך דאַך מחיה זיין, דאָס קען זי אין ישראל ניט האָבן. הכלל, נאָך אַ סך בריוו־אויסטוישונגען איז ענדלעך אָנגעקומען דער ענדגילטיקער ענטפער: זי קומט צו פליען דעם 12טן אָקטאָבער. אַ נייע קאָלאָמבוסיכע וועט אַנטדעקן דעם צווייטן מאָל אַמעריקע. דער פעטער האָט זיך געריבן די הענט פון אומגעדולד, געלאָפן אַלע ווײַלע צום טעלעפאָן אָנזאָגן דאָ איינעם, דאָ אַ צווייטן. מיט אַ וואָך פריער האָט ער מיך געפרעגט וואָס פאַראַ מאכלים איך וועל צוגרייטן, עפּעס אַזוינס, וואָס זאָל נעמען, עס זאָל אויפרייסן דעם אַפּעטיט, עפּעס, עפּעס אַזוינס, וואָס דאָרטן איז לחלוטין נישטאָ.

— הער מיך אויף צו נודיען, חיים, זיי ניט קיין יענטע! ערשטנס, איז עס אַ פּראָסטער דאָנערשטיק. צווייטנס, דאַרף מען אין זינען האָבן, אַז זי טאָר אפשר אַזעלכע זאַכן ניט עסן, און דריטנס, טשעפּע זיך אָפּ און מיש זיך מיר ניט אין טעפּל! איך וועל קאָכן מיין באַרימטע האָבערגריץ מיט אַ שטיקל עוף, אַז אפילו אַ קימפּעטאָרין מעג עס עסן.

— אפשר ביסטו גערעכט, נאָר מאַך עס באַטעמט, אַזוי ווי דו קענסט. און נאָך אַ זאַך וועל איך דיך בעטן: ווען זי וועט קומען, זאָלסטו אַמאָל ניט וועלן אַרויספּאַקן דיין גאַנצע חכמה מיט איין מאָל. זאָלסט נאָר ניט פאַרפירן מיט איר אַ פּאָליטישן שמועס, אָדער די שטענדיק אָנגעווייטיקטע

פראַגע וועגן יידיש אין ישראל. מע טאָר זי ניט דענערווירן, הערסט?

— האָב קיין מורא ניט, — האָב איך אים פאַרזיכערט — פאַר אַזאַ גרויסער פּאָליטיקערין האַלטסטו מיך? איך וועל זיין די לעצטע צו פירן אַזעלכע דיסקוסיעס. אויב איך מאַך ניט קיין טעות, ביסטו דאָס דער יעניקער, וואָס קען זיך קיינמאָל ניט איינהאַלטן...

און כך הוה. דער באַשטימטער טאָג איז אָנגעקומען און חיים איז געגאַנגען מקבל פּנים זיין דעם גאַסט. איך בין געבליבן אין הויז קאָכן מיין באַרימטע וועטשערע. גייענדיק צום לופט־פּאָרט האָט ער אַ ביסל אָנגעהויבן צווייפלען צי ער וועט זי דערקענען, ווייל ער געדענקט זי בלויז אַלס קליין מיידל. איך האָב זיך דערווייל געבראָכן דעם קאָפּ: ווער ווייסט, וואָס פאַראַ סאָרט מענטש דאָס איז? אפשר איז זי גאָר אַ פרומע צו די אַלע זאַכן, וועט זי מיך געוויס כאַפּן ביי אַ סך שאלות, כאָטש דעם דין ווייס איך גאַנץ גוט, נאָר איך האַלט ניט אַלץ, וואָס סע שטייט ביי די חכמים... זי, גאָלדע, האָט אוודאי געטראַכט: ווער ווייסט וואָס פאַראַ מומע זי וועט אָנטרעפן, אפשר אַ שלאַק פון זיין ליבן נאָמען, וואָס איז אַפילו ניט געגאַנגען זי באַגעגענען.

פאַרטיפט אין מיינע רעיונות און מיטן גאַנצן חוש אַריינגעטאָן אין טאָפּ, האָב איך גאָרניט געהערט ווי די טיר האָט זיך געעפנט און זיי זיינען אָנגעקומען: צוערשט פעטער חיים מיט דער וואַליזע און נאָכער גאָלדע. איך האָב קוים באַוויזן אָפּצואווישן מיינע נאַסע הענט, ווען זיי זיינען ביידע אַרויף די טרעפּלעך, זי אַ ביסל וואַקלדיק, שיכורלעך, ניט זיכער. זי איז געבליבן שטיין אין אַ מאָדנער פאַרלעגנהייט, מיט אַ פּאָר שוואַרצע, צעשראָקענע אויגן, וואָס האָבן אויסגעדריקט אַזוי פיל צער און ליידן. אַן אויסגעדאַרטע, אַ בלייכע, מיט שיטערלעכע האָר, וואָס זיינען איר אויסגעקראָכן געוואָרן פון דער קרענק, האָט זי מיר דערמאָנט אָן מיין עלטערער שוועסטער, ווען זי איז אויפגעשטאַנען פון טיפוס. איך האָב געמאַכט אַ טראָט פאָראויס, און מיטן אויסרוף — שלום, גאָלדע! — געפאַלן איינע אין דער צווייטערס אָרעמס.

# מיר פאָרן קיין ישראל

מיטן אָנקומען פון גאָלדען האָט זיך געביטן דער גאַנצער סדר־היום פון שטוב. עס איז געוואָרן לעבעדיק און פריילעך. דער טעלעפאָן האָט ניט אויפגעהערט צו קלינגען מיט ווינטשעוואַניעס און ברכות פון פריינד און באַקאַנטע. מען האָט אויפגענומען געסט און געגאַנגען צו גאַסט. געגאַנגען אין טעאַטער, צו באַנקעטן און דער אָפּערע. עס איז געווען איין גרויסער יום־טוב. איך האָב געפּרואווט זי אונטער־פאַשען אַ ביסל, אויסגעפינען וואָס זי האָט ליב און עס איר אונטער־געטראָגן. דער פעטער חיים פלעגט כמעט יעדן טאָג אַריינפאַלן אין הויז נאָך דער אַרבעט מיט דער זעלבער פראַגע:

— וואָס מאַכט גאָלדע? וואָס האָט זי געגעסן, וויפיל האָט זי געגעסן? — עפּעס גאָרניט די זעלבע פראַגן, וואָס ער פלעגט פרעגן אַמאָל, איידער גאָלדע איז געקומען. דאַן פלעגט ער זיך אַריינשאַרן אין הויז מיט אַ זייטל, דאָס פּנים פאַרדרייט אויף הינטן און אָן אַ באַגריסונג באַלד אָנהייבן זיינע שטענדיקע אויסגעדראָשענע פראַגעס:

— עמיץ האָט מיך גערופן? בריוו זיינען דאָ? — און טאָמער, גאָט באַהיט, אַז עמיץ האָט טאַקע גערופן, האָט מען געדאַרפט וויסן גענוי די שעה מיט דער מינוט און דעם גאַנצן „מעסעדזש”, מיט אַלע פּיטשעווקעס, אַפילו דעם טאָן אויך, און פאַרשטייט זיך דעם נאָמען פון בעל־דבר. טאָמער האָב איך דאָס אַלץ פאַרגעסן צו פאַרצייכענען, איז געווען הימל עפּן זיך! בין איך געפאַלן אויף אַ פּלאַן און גאָרניט דערציילט קיין מעשיות: אַזוי ווי ער וויס ניט, אַזוי וועט אים ניט שאַטן! עס פלעגט טרעפן, אַז מיט די אַלע פראַגעס זיינע פלעגט ער אַמאָל איבערכאַפּן די מאָס, מיר אָנטרעטן אויף די הינער־אויגן, ווי מען זאָגט, וואָרים איך בין ניט מער ווי אַ מענטש און איך בין ניט אַלעמאָל גוט געשטימט אויך, פלעג איך אים מיט כעס אויף דער גיך ענטפערן אין איין אָטעם:

— ניין, קיין בריוו זיינען ניטאָ, פאַרוואָס זיי שרייבן ניט, גיי פרעג זיי, און גערופן האָט טאַקע דיך יענער, וואָס רופט דיך אַלע מאָל ווען דו ביסט ניטאָ. אָבער ער האָט געזאָגט, אַז ער וועט דיך אַמאָל פּאַצאָפּען, האָב קיין מורא ניט.

אָבער איצט, אויף די נייע שאלות אין שייכות צו גאָלדען, פאַרדריסט מיך בכלל ניט. פאַרקערט, עס טוט מיר הנאה, וואָרים איך מיט גאָלדען

האָבן זיך גלייך צוגעטוליעט איינע צו דער אַנדערער, נאָך בעסער ווי צוויי שוועסטער. איך געדענק ניט, אַז איך זאָל זיין אַזוי גוט אויפגעלעבט מיט מיין עלטערער שוועסטער ווי מיט גאָלדען. און גאָלדע האָט באַלד פון דער ערשטער מינוט אָן זיך אַרויסגעוויזן ווי איינפאַך און באַשיידן זי איז. זי האָט זיך געהאַלטן פשוט, אַזוי ווי איינע פון דער פאַמיליע, וועלכע איז לאַנג געווען אַוועק פון דער היים און איצט צוריקגעקומען. דאָס האָט נאָך מער פאַרגרינגערט אונדזערע הערצער. איך האָב אָנגעהויבן גלויבן אין נסים, אפשר, אפשר האָבן די דאָקטוירים אַ טעות געמאַכט. הלואי, אָבער אויף דער וואָך דאַרף מען זיין.

די מיידן האָבן זיך ביסלעכווייז צוגעוואוינט צום גאַסט און צו דער נייער סיטואַציע אין הויז, און אָנגעהויבן צוריק זייערע אַלטע שטיק: שרייען, קוויטשען, אָנוואַרפן זייערע זאַכן, ביכער און סתם שמאַכטעס, טאַקע אַזוי ווי צווישן אייגענע. אַפילו די קאַץ האָט שוין אָנגעהויבן מאַכן וויזיטן אין גאָלדעס צימער און ליב געהאַט צו כאַפּן אַ דרימל אויף דער צוגעבעטער בעט. אַלץ האָט געשיינט צו זיין נאָרמאַל אין סדר־היום פון טאָג־טעגלעכן לעבן.

אין די אָוונטן פלעגן מיר געמיטלעך שמועסן וועגן אַלץ און אַלעמען. צוערשט זיינען די שמועסן געווען פאַמיליאַרע. גאָלדע האָט דערציילט פון דער גאַנצער משפחה יאַניש, יעדן מיטגליד באַזונדער, יעדע פאַמיליע מיט אירע קינדער; וועגן ברודער יחיאל, דער איינציקער וואָס איז לעבן־געבליבן פון אַלע ברידער, און ווי שטאַרק ער וויל זיך זען מיט אונדז אַלעמען. דערביי האָט זי ניט פאַרגעסן צוצוגעבן איר אייגענע אינטאָנאַציע, מי ירום ומי ישפל: וועמען אויפצוהייבן ביזן הימל און וועמען צו מאַכן כעפּרא דארעא... איך האָב זיך ניט פאַרשטאַנען אויף דעם, ווייל סיי ווי קען איך זיי ניט, אָבער דעם פעטער האָט עס שטאַרק פאַרדראָסן. ער האָט זיך געאַמפּערט מיט איר, איר אויפגעוויזן מיט אותות און מופתים דעם יחוס און צום סוף געזאָגט, אַז זי איז אַ שטיקל עגאָאיסטקע, אויב זי מיינט אַזוי.

אין איינעם אַן אָוונט, כטוב לב המלך ביין, נאָכן אָפּעסן אַ גוטע וועטשערע און נאָכן פאַרטרינקען מיט אַ רויט גלעזל טיי, האָט זיך אָנגעהויבן די אייביק־אָנגעווייטיקטע דעבאַטע וועגן יידיש אין ישראל! איך ווייס ניט ווי אַזוי, נאָר ווען איך האָב זיך אַרומגעזען, איז שוין דער געשפּרעך געווען אומפאַרמיידלעך. עס איז אויסגעקומען צו רייד וועגן דער יוגנט אין אַמעריקע, די יידישע יוגנט, פאַרשטייט זיך. לויט גאָלדעס אָפּשאַצונג איז זי ניט געניג יידיש און האַלט זיך ניט לויט אירע יידישע טראַדיציעס. אויסער דעם איז זי דאָ צעלאָזן און צעבאַלעוועט, האָט ניט קיין רעספּעקט פאַר עלטערע מענטשן. און באַלד מאַכט זי אַ פאַרגלייך

מיט איר זון אליהו, ווי ער רעספּעקטירט זיין אַלטע באָבע, גאָלדעס מאַמע, ווי ער באַציט זיך צו זיין מאַמען, צו גאָלדען, אַ סך בעסער ווי מיינע טעכטער צו מיר. דאָ איז פּעטער חיים אויפגעשפּרונגען ווי געביסן פון אַ שלאַנג און באַלד געוויזן איר שוואַרץ אויף ווייס, פון אַ באַוואוסטן זשורנאַל, וואָס דאָרט ווערט דערציילט וועגן דער ישראלדיקער יוגנט.

— נאַ, לייען, גאָלדע, זאָלסט מיר מוחל זיין, נאָר דו ווייסט גאָרנישט וואָס ביי דיר אונטער דער נאָז טוט זיך. דיין אייגענער זון וועט ביי אַ געלעגנהייט לאַכן פון דיר, ווייל דו ביסט ניט קיין סאַברע, שטאַמסט פון גלות, און גלות איז טריף פסול, און די יידן אין גלות זיינען שיילאָקס, מיט קרומע לאַנגע נעזער, מיאוסע נפשות. אַזוי האָבן געשריבן ישראל־סטודענטן קאָמפּאָזיציעס ביים פאַרענדיקן גימנאַזיע. אַזוי האָבן זיי דער־צויגן לערער אין אייער לאַנד, שפּייען אויפן גלות, פאַרלייקענען די יידישע געשיכטע, שוין ניט רעדנדיק פון דער יידישער שפּראַך און די יידישע ליטעראַטור, אָבער די יידישע געשיכטע?! ווי קען מען פאַרלייקענען 2000 יאָר יידיש לעבן?! ווען ניט דער אייכמאַן־פּראָצעס, וואָלטן זיי דאָך ניט געוואוסט, אַז 6 מיליאָן יידן זיינען אומגעקומען מיט אַ ווידערשטאַנד, ניט ווי מען האָט זיי געוואָלט איינשמועסן, אַז זיי האָבן זיך געלאָזט אויס־שעכטן ווי די קעלבער?! דער גלות איז טריף, האַ, אָבער זיין געלט איז כשר. ווען ניט דער גלות, וואָלט קיין מדינת ישראל ניט געווען!"

גאָלדע האָט זיך, נעבעך, געדרייט ווי אַ וואָרעם און געזוכט עפּעס אַן אָנהאַלט אַן וואָס זיך אָנצוכאַפּן, זי זאָל קענען כאַטש מיט עפּעס פאַר־מילדערן אַזאַ גרויזאַמען באַשולדיקונגס־אַקט. אומזיסט האָב איך געזוכט דעם פּעטער חיימס פּיס אונטערן טיש, כדי אָנצוטרעטן אויף זיי און אים געבן אָנצוהערעניש אויף זיין וואָרנונג צו מיר: קיין פּאָליטישע שמועסן און ספּעציעל וועגן יידיש אין ישראל. איך האָב געזוכט זיינע בליקן, אויפצוכאַפּן כאָטש אַ קוק, אפשר נאָך שטאַרקער ווי מיט 30 יאָר צוריק, ווען איך האָב אים דערקענט, אָבער אַלץ אומזיסט. זיינע אויגן האָבן געשפּריצט מיט פונקען און אין די ווינקלען פון זיין מויל האָט זיך געבלעזלט אַ שוימל. ענדלעך איז גאָלדען געלונגען צו געפינען אַ שטיקל זכות.

— וואָס אייגנטלעך שטורעמסטו אַזוי מיט יידיש אין ישראל, פּעטער מיינער? פאַרוואָס פירסטו ניט איין יידיש אין אַמעריקע צוערשט? און פאַרוואָס טאַקע ניט אָנהייבן פון דיין אייגענער שטוב? ווי אָפט ריידן דיינע קינדער יידיש? און אויב איך מאַך ניט קיין טעות, ביסטו אויך „געכאַפּט אויף דער מעשה", זינדיקסט אונטער אַ ביסל, פּעטערל, און דאָס רעדט אַ הונדערט פּראָצענטיקער בונדיסט. — איך האָב דערפילט, אַז

עס האַלט שמאָל און געמוזט אַריבער אויף גאָלדעס צד, הגם אין האַרצן האָב איך געפילט, אַז חיים איז גערעכט:

— ריכטיק, גאָלדע לעבן, אַ געזונט אויף דיר, איך האָב דאָס שוין לאַנג געוואָלט אים זאָגן!

— אָט האָסטו זי, זי איז אויך דאָ, די יענטע פון בראָנזוויל האָט אונטערגעהאָצקעט. ווער בעט זיך דיר צו מישן? ווילסט אַרויסווייזן דיין פקחות?

ער איז געוואָרן גוט אין כעס. צוויי ווייבער אויף איין מאַן. די אַטמאָספערע איז געווען אָנגעלאָדן, שווער. אַ גוטע באַלעבאָסטע דער־שנאַפּט אַלעמאָל מיט וואָס מע קען ראַטעווען אַ סיטואַציע. האָב איך געמאַכט אַ פּריש, הייס, רויט גלעזל טיי און אַזוי אַרום אים אָפּגעקילט. ווער ס'איז שיין — איך בין קלוג. איך האָב געוואוסט, אַז ער וועט זיך ניט קענען איינהאַלטן!

אַזעלכע געשפּרעכן האָבן זיך מער ניט איבערגעחזרט, אָבער געמיט־לעכע שמועסן האָבן מיר געהאַט זייער אָפט ביי יעדער געלעגנהייט. און אָט געדענק איך אַ שמועס וואָס נאָר איך און גאָלדע האָבן געהאַט. דער שמועס האָט גורם געווען אונדזער רייזע קיין ישראל.

עס איז געווען אַ דאָנערשטיק ביינאַכט נאָך וועטשערע. איך מיט גאָלדען זיצן אין קיך ביים טיש און ביינדלען אויס די פיש אויף שבת. דער פעטער זיצט אין גאַסט־צימער און קוקט זיך צו צו זיין באַליבטער אַטראַקציע אויף טעלעוויזיע — רעסלינג. איך פרעג אויס גאָלדען וועגן זייער סאָרט לעבן אין אַלגעמיין, וועגן שפּייז, קליידונג און נאָך זאַכן, וואָס אַ פרוי קען אינטערעסירן. און גאָלדע, פּונקט ווי זי וואָלט געוואַרט אויף אַזאַ געלעגנהייט, צעלאָזט זיך מיט ליב און געזאַנג פאַר איר לאַנד און פאַר די מענטשן.

— מע קען מיינען — זאָגט זי — אַז ביי אונדז הונגערט מען, ס'איז ניטאָ וואָס צו עסן. אפשר אַמאָל אין די צנא־צייטן. היינט איז דאָ פון אַלעם גוטן. אמת, די פיש זיינען קלענער ווי ביי אייך, ניטאָ אַזוי פיל סאָרטן, פליייש האָבן מיר אויך ניט גענוג. דערפאַר האָבן מיר אַ סך עופות. אָבער ביי אייך פרעסט מען דאָך פליייש ווי די וועלף: וואו מען גייט און וואו מען שטייט איז דאָך דאָ ביי אייך אַ פרעסאַרניע, איר זאָלט חלילה ניט פאַרהונגערט ווערן. עס שלאָגט שוין אַזש צו דער גאַל. ניט דאָס עסן איז דער עיקר. ביי אונדז איז דאָ טראַדיציע. איך וואָלט דיר געוואונטשן צו זען ווי אַזוי מע פראַוועט ביי אונדז אַ פשוטן שבת, אַפילו ווען מען איז ניט פרום. ערשטנס קומט מען פרייטיק פרי פון דער אַרבעט, מען זאָל האָבן צייט זיך אַרומצואוואַשן און זיך איבערצו־טאָן. אויפן וועג אַ היים קויפט מען בלומען לכבוד שבת, פּונקט ווי אַ

פרומע יידענע קויפט ליכט. ווערט ניט געפינען קיין איין הויז, וואו עס לייכטן ניט אַרויס די שבת־ליכט און וואו עס שיינען ניט אַרויס קיין בלומען. די גאַנצע פֿאַמיליע זיצט ביים טיש צוזאַמען און אוי וואבוי אויב עמיצער פֿאַרפֿעלט צו קומען. ער וועט זיך שוין ניט אויסקויפֿן פֿון זיינע זינד לעולם ועד. דאָס איז נאָר געדערט ווענן שבת. אָבער אין די ימים־טובים באַטייליקט זיך די גאַנצע משפחה. מע קומט פֿון אַלע טיילן פֿון לאַנד צו דער משפחה, און דאָ ביי אייך — ווען זעט איר זיך אַלע? בלויז ביי חתונות אָדער, חלילה, ביי לוויות!

— ריכטיק, גאָלדע — פּרואוו איך איר דערקלערן — ביי אייך איז דאָס לאַנד גרויס ווי אַ געגנט, די שטעט זיינען נאָך קלענער, דערפֿאַר איז אייך נאָענט איינער פֿון צווייטן. אָבער ביי אונדז דאָ איז אַזוי גרויס און ווייט. —

— ניין — לאָזט זי מיר ניט זיך פֿאַרטיידיקן — די גאַנצע טראַדיציע אייערע באַשטייט אין פּרעס. ביי אונדז איז דער גייסט, די אַטמאָספֿערע, די יום־טובדיקייט.

פֿון טראַדיציע גייט זי איבער צו אַנדערע זאַכן, ביז זי קומט אַרויף אויף קינדער:

— אין ישראל — זאָגט זי — זיינען די שענסטע קינדער אויף דער וועלט. זיי זיינען אינגאַנצן אַנדערש ווי אייערע קינדער.

— וואָס הייסט — שלאָג איך איר איבער — קינדער זיינען קינדער. מען האָט זיי דען אַנדערש געהאָט? דאָס קען איך שוין ניט פֿאַרטראָגן! אַזוי פֿיל איבערצוטרייבן, ווייס איך שוין ניט דיר וואָס יאָ צו גלויבן און וואָס ניט. מילא, לויבסטו דיין לאַנד, די שיינקייט, די גוטסקייט, קען איך דיר פֿאַרגינען — ביסט אַן אידעאַליסטקע. אָבער איבערטרייבן ווענן קינדער?

נאָר גאָלדע לאָזט ניט אָפּ. זי מאָלט מיר אויס פֿאַנטאַסטישע בילדער און כדי צו באַשטעטיקן אירע רייד, נעמט זי אַרויס אַ בינטל פֿאָטאָגראַפֿיעס, גראָד אַלע טאַקע שיינע, סיי די דערוואַקסענע און סיי די קינדער. איך ווער צענומען פֿון אירע רייד, צעשמאָלצן ווי פּוטער אונטער דער זון. דאָס מעסער פֿאַלט מיר אַרויס פֿון האַנט און דער פֿיש אין דער צווייטער האַנט, דאַכט זיך, צאַפּלט זיך. איך האָב זיך פֿאַרטראַכט. נאָר מיט אַ מאָל וואַרף איך אַלץ אַוועק, שטעל זיך האַסטיק אויף און גיי צו צו דער וואַנט, וואו עס הענגט דער ישראל־קאַלענדאַר, וואָס ד״ר זאב יאַניש שיקט אונדז צו אַלע יאָר. איך הייב אָן שנעל צו מישן די בלעטער און שטעל זיך אָפּ אויף אַ געוויסער דאַטע. גאָלדע פֿאָלגט מיר נאָך מיט אַ פֿראַגע־צייכן.

— חיים, גיב איך אים אַ רוף, קום נאָר אַריין אַהער. מיר פֿאָרן קיין ישראל און איך וויל מיר זאָלן אָנקומען אויף פּורים. — אָפּגעזאָגט דאָס,

אַזוי ווי אַ באָמבע וואָלט געפּלאַצט. אויף אַ ווייל איז געוואָרן שטיל, אַזוי ווי אַלעמען וואָלט אָפּגענומען געוואָרן דאָס לשון. אויב איך מאַך ניט קיין טעות, האָבן אַפילו די רעסלערס אויף דער טעלעוויזיע אויפגעהערט זיך צו בוכצען אויך. איך האָב בגנבה געכאַפּט אַ בליק און געזען ווי איינער איז געלעגן אויסגעצויגן ווי אַ באַרג און דער צווייטער איז געשטאַנען מיט אַן אויפגעהויבענער האַנט אין דער הויך. ענדלעך האָט חיים באַקומען לשון:

— וואָס מיינסטו מיר פאָרן און מיט מיר ביסטו שוין פאַרטיק? עס איז עפּעס אַ בייגל אויפצועסן, מע הייבט זיך אויף און מע פאָרט?

— שאַ, ווילסט ניט פאָרן, פאָר ניט, איך צווינג דיך דען? וועל איך פאָרן אַליין. גענוג אָפּגעלייגט! מיין גאַנץ לעבן אַרבעט איך, קיינמאָל ניט גענומען קיין רעכטע וואַקאַציע. איך קען לענגער ניט וואַרטן. אויף דער עלטער וועט מען שוין ניט קענען אפשר, ווער ווייסט, אַז איך האָב איצטער שוין מיינע ווייטיקן, זאָל איך אפשר נאָך וואַרטן אויף גרעסערע? די מיידן זיינען שוין גענוג דערוואַקסן, זאָלן זיי זיך שלאָגן קאָפּ אין קישן, וועלן זיי וויסן וואָס אַ מאַמע איז! זאָלן זיי זיך אַליין אַן עצה געבן: ווועמען נאָך דאַרף איך פאַרזאָרגן? מיין זון איז שוין אַ פאַרזאָרגטער. ער האָט אַ ווייב מיט שווער און שוויגער, זאָלן זיי אַכטונג געבן אויף אים. איין מאָל אין מיין לעבן וויל איך טאָן דאָס, וואָס איך וויל, ניט דאָס וואָס מען הייסט מיר.

— שאַ, שאַ, זע נאָר ווי זי האָט זיך דאָס צעיאַכמערט. האָסט שוין אַלץ באַרעכנט? און וואָס וועט זיין, אַז איך וועל פאַרלירן מיין אַרבעטס־פּלאַץ, און די אַרבעטסלאָזע טשעקס, וואָס מיר קומט נאָך, און —

ער הייבט מיר אָן אויסצורעכענען אַ צעטל וואָס עס וועט זיין באחרית הימים, און איך אין איין קול:

— דינג זיך ניט מיט מיר, איך וויל גאָרניט וויסן: מיר פאָרן און זע עס זאָל אויסקומען אויף פּורים.

כדי צו באַשטעטיקן מיין פעסטן באַשלוס, האָט באַלד די קלוגע גאָלדע מיר אונטערגערוקט אַ בייגעלע פּאַפּיר איך זאָל גלייך אָנשרייבן אַ בריוו קיין ישראל, אַז מיר קומען. זי האָט געהאַלטן דעם פּאַפּיר ביי איין ברעג און איך האָב אָנגענומען ביים צווייטען ברעג, אַזוי ווי מע נעמט אָן אַ טיכל ביים מקבל קנין זיין — און דער שידוך איז געשלאָסן געוואָרן. אָפּגעשריבן דעם בריוו, איז מיר אַ מאָדנע רואיקייט באַפאַלן, עפּעס אַזוי ווי אַ יאָך וואָלט מיר אַראָפּ פון די פּלייצעס. אָבער דערפאַר האָט זיך אין מיר באַזעצט אַן אַנדער אומרו, אויסגעמישט מיט נייגעריקייט: ווי וועט עס זיין דאָרטן? ווי וועט עס אַלץ אויסזען? וואָס פאַראַ חידושים און נייעסן קען מען דאָרטן זען? איז עס טאַקע אַלץ אַזוי ווי מען

דערציילט? און נאָך און נאָך אַזעלכע פֿראַגן האָבן געעגבערט מיין מח און מיר ניט געגעבן קיין רו.

צומאָרגנס האָט די ידיעה וועגן אונדזער פֿאָרן קיין ישראל בליץ־שנעל זיך פֿאַנאַנדערגעפֿלאַקערט. מען האָט געגלויבט און ניט געגלויבט. דער טעלעפֿאָן האָט ווייטער געהאַלטן אין איין קלינגען. פֿריינד האָבן געררופֿן, געווינטשעוועט, געגעבן עצות און דערביי געלאָזט וויסן, אַז מיר וועלן עפּעס מיטנעמען אַ פּעקל, וואָס זיי ווילן שיקן זייערע קרובים. זיי זיינען נעבעך נויטבאַדערפֿטיק, מיטן עסן קען מען נאָך ווי עס איז אויסקומען, אָבער אַ מלבוש איז אַ לוקסוס...

— וואָס דאַרף איך אַרן, אַז איר פֿאָרט מיט אַ שיף און איר קענט דאָך נעמען וויפֿיל איר ווילט נאָר אַליין. איר דאַרפֿט דאָך דאָס ניט טראָגן!

— אַזעלכע בקשות האָב איך געקראָגן גאָר אַ סך און ביסלעכווייז, ביסלעכווייז האָט זיך אָנגעקליבן אַ היפּשער באַגאַזש. אויסער דעם וועלן מיר דאָך אויך וועלן עפּעס מיטנעמען. אמת טאַקע, ארץ זבת חלב ודבש, אָבער, אַז מע ברענגט עפּעס, איז זייער אָנגעלייגט. דערפֿאַר וועלן מיר מוזן טאַקע פֿאָרן מיט אַ שיף, פֿאַרשטייט זיך, מיט אַ יידישער שיף, ווי אַנדערש?

אונדזער קוזין לייבל פֿון באָראָ־פּאַרק האָט גאָר געהאַט פֿאַר מיר אַ נייעם פּלאַן מיט אַן עצה צוגלייך. נאָר איידער ער האָט פֿאַר מיר אויסגעלייגט דעם פּלאַן, האָט ער מיך טויזנט מאָל געבעטן מחילה און איבערגעבעטן מיין כבוד און אַלץ ניט געוואוסט פֿון וואַנען אָנצוהייבן. דער ערשטער געדאַנק מיינער איז געווען, אַז ער וויל מסתמא איך זאָל עפּעס אַריינשמוגלען פֿאַר זיינעטוועגן. אָבער ניין, האָב איך באַלד דעם געדאַנק אָפּגעוואָרפֿן, ער איז ניט דער סאָרט מענטש. הכלל, נאָך דעם, ווי איך האָב אים פֿאַרזיכערט, אַז איך פֿאַרגיב אים און כ׳וועל ניט זיין אין כעס, האָט ער מיר אַנטפּלעקט דעם סוד: שטיל שושקענדיק, כמעט אויפֿן אויער, האָט ער מיר דערציילט, אַז ער האָט אַן אַלטן באַקאַנטן, וואָס וואָלט זייער געוואָלט פֿאָרן קיין ישראל, נאָר ער האָט מורא אַליין זיך צו רירן. ער זוכט עמיץ זאָל קענען אַ ביסל אַכטונג געבן אויף אים. ניט קיין סך אַכטונג געבן — אַ ביסל העלפֿן אים גיין; ער ליידט פֿון שטאַרקע אַרטרייטיס; ווען ער זיצט, קען ער ניט אַזוי גיך זיך אויפֿשטעלן, און ווען ער שטייט, קען ער זיך אַזוי גרינג ניט אַוועקזעצן. עס טרייסלען זיך אים אַ ביסל די הענט, פֿאַרגיסט ער זיך ביים עסן, וואָלט ער געוואָלט מען זאָל זיצן צוזאַמען ערגעץ ביי אַ זייטיקן טישל. ער דערהערט ניט אַ ביסל אויך, נאָר אויף דעם טראָגט ער אַ טרובקע. ער איז ווילִיק צו באַצאָלן פֿאַר דער רייזע אויף אַהין־און־צוריק, אויב מע וועט גוט אַכטונג געבן אויף אים.

אָפּגעזאָגט דאָס, האָט מײַן קוזין, מיט אַ שעמעוודיקן שמייכל, מיך אָנגעקוקט און געוואַרט אויפֿן פּסק: אפשר וועל איך אים אויסבײַטלען מײַנע חלומות צו מײַנע שונאים־ס קעפּ. אָבער ניין, אָנשטאָט דעם, האָב איך זיך האַרציק צעלאַכט און צוגערופֿן גאָלדען:

— גאָלדע, אויב דו ווילסט, האָבן מיר שוין אַ קאַוואַליער אויף דער שיף מיט וועמען מיר וועלן קענען פֿאַרברענגען. דײַן אָנקל וועט שוין מער ניט קענען שטײן אין גרויסן. — איך דערצייל איר די מעשה און גאָלדע האָט זיך אָנגעכאַפּט ווי אין אַן אבן־טוב:

— וואָס הייסט אַזאַ געלעגנהייט. — ניט אין קאַוואַליער גייט איר דאָ, טאַקע אויסשלאָגן די הוצאות.

— וואָס אַרט דיך, פּרוּווט זי מיט מיר אײַנטענהן — מיר האָבן עפּעס אַנדערש צו טאָן? אַזאַ לאַנגער וועג, וועלן מיר האָבן אַ ביסל שפּאַס!

— אַ שײנער שפּאַס, זאָג איך, איבער אַן אַלטן, קראַנקן מאַן, און טאָמער דאַרף מען אים אײַנרײַבן ערגעץ, אויסטאָן אָדער אָנטאָן, פֿירן אים וואו דער קיסר גייט צו פֿוס, אָדער אפשר האָט ער גאָר די „יידישע קרענק" אויך?

— מאַכט ניט אויס, דינגט זיך גאָלדע מיט מיר, ער מעג אַלץ האָבן, לאָז עס איבער צו מיר, מיר וועלן זיך טיילן העלפֿט אויף העלפֿט מיט אַלע זאַכן...

און אַזוי איז געבליבן. מיר האָבן געהייסן דורך אונדזער קוזין דעם מאַן זיך צוגרייטן. אָבער ניט באַשערט געווען אונדז זיך אויסצושלאָגן די הוצאות. נאָך איידער וואָס ווען, איז דער מלאך המות אונדז פֿאַרלאָפֿן דעם וועג און אויס קאַוואַליער.

עס האָט לאַנג ניט גענומען און אַלע נייטיקע פֿאָרמאַליטעטן זײַנען דערלײדיקט געוואָרן. דאָ אין אַמעריקע ווערט אַלץ געטאָן אויף גיך. די שיף „ישראל" וועט אונדז פֿירן קיין ישראל, מיר וועלן שפּאַלטן דעם ים, אָבער אויף פּורים וועלן מיר ניט אָנקומען — נאָר אַ טאָג נאָך פּורים. נו, פֿאַרפֿאַלן. דערפֿאַר וועלן מיר דאָרטן זיכער זײַן אויף פּסח. און גאָלדע נעמט אויף גיך אויסמאָלן דעם סדר, וואָס ווערט דאָרט געפּראַוועט און ווי' מען זינגט און מען טאַנצט, עס איז ליהודים. און מיר באַמבלט זיך אין קאָפּ עפּעס אַ פּסוק, וואָס איך האָב אַמאָל געלערנט אין חומש, טאַקע אין אָנהייב בראשית: „וישלח נח את היונה" — און נח האָט אַרויסגעשיקט די טויב און זי האָט זיך צוריקגעקערט מיט אַ גרין פֿייגן־בלעטל אין מויל. מען האָט אַרויסגעשיקט די טויב גאָלדע ווי אַ שליח און זי וועט אונדז ברענגען קיין ישראל.

זאָל זײַן, אַז גאָלדע האָט טאַקע גורם געווען דערצו, מיר האָבן

אָבער געמוזט פאָרן זי אַהיים צו נעמען. גאָלדע האָט זיך געפונען אין סכנה. איר קרענק האָט אָנגענומען אַ ווענדונג צום ערגערן. ביסלעכווייז האָט זיך אָפּגעטאָן פון איר דאָס לעבעדיקייט, זי איז געוואָרן אַפּאַטיש, מיד, פאַרלוירן דעם אַפּעטיט, דער בויך איז איר געוואָרן גרויס, די פיס געשוואָלן. די מעדיצינען, וואָס זי האָט דערהאַלטן פון ישראל האָבן ווייניק דאָ געהאָלפן. דערצו זיינען איר די נעגל פון די הענט און פיס געוואָרן שוואַרץ ווי ביי אַ טייוול און זיך געשיילט און געבראָכן. און וואָס קען נאָך זיין ערגער פאַר אַ פרוי ווי צו באַהאַלטן אירע הענט אין געזעלשאַפט? ס׳איז איר מיט אַמאָל נמאס געוואָרן דאָס לעבן און זי האָט געפאָדערט מיר זאָלן זי נעמען צום ספּעציאַליסט, וואָס איר ברודער ד״ר יאָניש האָט זיך פאַרשטענדיקט מיט אים דורך אַ ספּעציעלן פאַרחתמעטן בריוו. נאָך אַ קאָנסיליום פון צען דאָקטוירים מיט יענעם דאָקטאָר בראש, האָט מען חיימען איינגערוימט די שרעקלעכע נייעס אויפן אויער: אויב דו ווילסט זי זאָל שטאַרבן אין ישראל, נעם זי גלייך אַהיים!

די וויסטע בשורה האָט אונדז געטראָפן ווי אַ דונער: אָט ניט לאַנג צוריק האָבן מיר געהאַט האָפענונגען, געבויט לופט־שלעסער און איצט האָט אַלץ געפּלאַצט ווי זייפן־בלאָזן!

גאָלדען האָבן מיר, פאַרשטייט זיך, ניט געזאָגט גאָרניט, אָבער מיר האָבן ווי ווייט מעגלעך איר געמאַכט צו גלויבן, אַז אַלץ וועט מיט דער צייט פאַרבעסערט ווערן. זאָל זי נאָר ניט זאָרגן און פאַרברענגען גוט.

מיר האָבן אָפּגעמאַכט ביי זיך ניט צו דענערווירן זי, ווער רעדט נאָך מיט אַזעלכע געשפּרעכן ווי דער פריערדיקער אוודאי ניט, און ביי דער ערשטער בעסטער געלעגנהייט איר לאָזן וויסן און פילן, אַז מיר ווילן טאַקע איצט מאַכן אונדזער געפּלאַנטע רייזע קיין ישראל, ווען זי וועט זיך אומקערן אַהיים. און אַזאַ געלעגנהייט האָט זיך געמאַכט.

# די משפחה יאָניש

ווען מען זאָל מיך פרעגן, ווי קומט עס, וואָס איך, אַ ליטוואַטשקע האָב אַרײַנגעכאַפּט אַ מאַן אַזש פון קרויך־פּוילן, וואָלט איך געענטפערט ווי שלום עליכם:

— „אַז ס׳איז באַשערט אַן ׳אומגליק׳, קומט עס אין שטוב אַרײַן!" מיך האָט פּונקט אַ „גליק" געטראָפן. אַ זאַווערוכע האָט אים אויף אירע אײַז־שנייאיקע פליגלען אַרײַנגעבלאָזן אין מײַן שטעטל! יאָ, יאָ, וואונדערט זיך ניט. איך שטאַם פון אַזאַ קליין ליטוויש שטעטל, וואָס איז גאָר אויף דער מאַפּע ניטאָ, בלויז אויף דער מיליטערישער. נו, טאָ ווי וואָלט ער געטראָפן אָן אַ זאַווערוכע? אַפילו די באַן קומט דאָך ניט צו דאָרט! מען דאַרף נאָך ערשט זיך גוט אונטערהאָצקען מיט אַ פור ביז מען קומט פון דער באַן אין שטעטל אַרײַן! און דאָ האָט זיך געשטעלט אַ קאַלטער שניי־איקער ווינטער, דער לערער פון דער פאָלקס־שול איז קראַנק געוואָרן און געמוזט אַהיימפאָרן, האָט מען „אויסגעשריבן" אַ נײַעם לערער און די זאַווערוכע האָט אים געבראַכט גלײַך צו מיר. וואָרעם גלײַך ווי מיר האָבן זיך אָנגעקוקט, זײַנען מיר באַלד „פאַרכאַפּט" געוואָרן און איך בין געוואָרן אויסער זיך פון גליק. דעם גרויסן „גליק" האָב איך זיך דערוואוסט ערשט שפּעטער, מיט יאָרן שפּעטער נאָך דער חתונה, ווען מיר האָבן זיך געטראָפן אין ניו־יאָרק מיט פרײַנד, קרובים און לאַנדסלײַט פון זײַן שטאָט מלאַווע. געזען, אַז איך בין אַ נײַע און ניט קיין מלאַווערין, האָבן זיי מיך באַלד גענומען אויפן צימבל. איבערהויפּט האָבן אײַנגעלייגט וועלטן די ווײַבער. זיי האָבן מיך אָפּגעמאָסטן פון אויבן אַראָפּ און פון אונטן אַרויף און באַלד אַרויס מיט אַ מענה־לשון:

— איר זײַט אַמאָל געווען אין מלאַווע?

— ניין, זאָג איך, קיין מאָל ניט, פאַרזיכער איך זיי און וויל זיך אַרויסדרייען פון קרייץ־פאַרהער. אָבער ניין, זיי לאָזן ניט אָפּ!

— וואָס הייסט, איר האָט ניט באַקענט חיימס עלטערן, רב הערש טוביה און זיסע רייזל? איר ווייסט כאָטש ווער די יאָנישעס זײַנען געווען אין מלאַווע? און דערבײַ פאַרשנורעווען זיי שמאָל די ליפּעלעך און ווילן מיר אַרויסברענגען דעם יחוס. אָבער איך האַק זיי אָפּ אומברחמנותדיק אין

מיטן: — וואָס, איר גייט מיר איצט ריידן אַ שידוך? איר ווילט דאָ פּאַר־דינען שדכנות־געלט? — צו שפּעט. מיר האָבן שוין לאַנג חתונה געהאַט און דעם יחוס וויס איך אויך ווי גרויס ער איז און איך רעכן, אַז איך האָב געכאַפּט אַ גרויסע מציאה!

דאָ ווערן זיי אַנטשטומט און לאָזן מיך אָפּ אויף אַ ווייל און נעמען זיך צוריק צו זייער פריערדיקן שמועס וועגן דער שטאָט מלאַווע און זייערע לאַנדסלייט.

די שטאָט מלאַווע, וואָס איז געלעגן האַרט ביי דער דייטשישער גרענעץ, האָט געשמט ווייט אַרום איבער גאָר דער וועלט מיט אירע גרויסע באַרימטע מענטשן, וואָס זי האָט פון זיך אַרויסגעגעבן: דער באַרימטער שרייבער יוסף אָפּאַטאָשו, די בונדיסטן בונם וואַרשאַווסקי, וויקטאָר אַלטער, חיים פּיזשיץ און נאָך און נאָך. עס איז אַ סברא, אַז אַפילו דער בעל שם טוב אַליין זאָל האָבן געדאַווענט אין דעם שולכל לעבן אַלטן בית־עולם. ניט ווייניקער באַרימט אין שטאָט גופא און אויך אין די אַרומיקע שטעט־לעך איז געווען די משפחה יאַניש.

ואלה תולדות יאַניש; דאָס איז די פאַמיליע יאַניש: ר׳ הערש־טוביה, דער פּאַטריאַרך פון דער משפחה, אַ הייסער אַלעקסאַנדער־סטריקעווער חסיד, וואָס פלעגט פאָרן צום רבין כמעט אויף אַלע גרויסע ימים־טובים. ער פלעגט זיך צוריקקערן מיט אַ רייכן באַגאַזש פון דברי תורה, נייע חידושים און פּירושים און דער עיקר אַ נייעם ניגון, וואָס פלעגט זיך אים באַמבלען פּאַר אַ לאַנגער צייט אין קאָפּ און ניט געקענט געהעריק קומען צום אויסדרוק, ביז זיין מוזיקאַלער חימל, פלעגט עס אויפכאַפּן אויפן פידל, אויסטרילערן מיטן יידישן קרעכץ און די חסידים פלעגן זיך פאַרגיין אין דבקות. בינו־לבינו האָט ער שוין געהאַט אַ שטיבל פאַר זיך און איז תמיד געווען אַרומגערינגלט מיט חסידים און וואויל־לערנערס. זיין טיר איז שטענדיק געווען אָפן פאַר אַלעמען. האָבן זיך טאַקע שטענדיק אַרומגע־דרייט מענטשן, ווער אַרויס און ווער אַריין. ווער ס׳איז געקומען אויס־פּשטלען אַ נייעם פּלפּול צו דער סדרה פון דער וואָך, ווער נאָך אַ גמילת חסד און, דער עיקר, ווער מיט אַ דין־תורה. וואָרעם רב הערש טוביה איז באַרימט געווען פאַרן גרעסטן בורר אין שטאָט — אַן אמתער יידישער אַדוואָקאַט. ס׳איז אַ סברה, אַז אַפילו דער רב אַליין פלעגט זיך אַן עצה האַלטן מיט רב הערש־טוביהן וועגן אַ האַרבן ענין. ער האָט אַלע מאָל מלמד לכף זכות געווען און געדרייט אַזוי מיטן גראָבן פינגער, אַז ס׳איז אַרויסגעקומען אי דער וואָלף זאַט, אי דער שעפּס גאַנץ.

אַחוץ דעם איז הערש טוביה געווען אַ גרויסער מומחה אויף אָפּשפּרעכן

עין־הרעס. די ווייבער האָבן אים באַרימט געמאַכט, אַז זיינע אָפּשרעכע־נישן העלפן אַזוי גיך און גוט, פּונקט ווי מיטן האַנט צוגענומען.

ס'טרעפט אַמאָל, הערש טוביה איז פאַרנומען מיט מענטשן ביי אַ האַרבן סכסוך. פּלוצלונג פּראַלט אויף די טיר און אַ יידענע פאַלט אַריין מיט אַ גרויס געוויין:

— ר' הערש־טוביה, ראַטעוועט, ס'איז מיר געשען אַן אומגליק אַ גרויסער!

— וואָס איז געשען? — פרעגט הערש־טוביה אַ פאַרציטערטער.

— מיין טאָכטער, מיין אויג אין קאָפּ איז מיר אָוועקגעפאַלן און נאָר איר קענט איר העלפן! איך ווייס, אַז איר קענט איר העלפן!

— מיט וואָס קען איך איר העלפן? וואָס בין איך, אַ דאָקטאָר?

— וואָס מיר דאָקטאָר, זי האָט געקראָגן אַן עין־הרע!

— אַזוי — זיפצט אָפּ הערש־טוביה מיט אַ דערלייכטערונג — און ווי הייסט זי, אייער טאָכטער?

— ציפּע־גנענדל, זאָל זי זיין מיט יאָרן.

— און ווי הייסט איר?

— חיה־ביילע.

הערש־טוביה גיט אַ פיר מיט אַ פּאָר פינגער איבערן שויב, רייבט זיך די הענט, פאַרמאַכט האַלב די אויגן און נעמט שעפּטשען עפּעס אַ פּסוק. נאָכן אָפּזאָגן און אָפּשאָקלען זיך, טוט ער אַ פּאָר מאָל אַ טרוקענעם שפּיי אָן אַ זייט, גיט דריי מאָל אַ גענעץ און אַ זאָג אויך אין דער זייט:

— גייט געזונטערהייט, השם יתברך וועט שיקן אייער טאָכטער אַ רפואה שלמה.

— אַ גרויסן יישר־כוח אייך, ר' הערש־טוביה.

אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט די יידענע אים צוגעזאָגט, אַז ס'האָט געהאָלפן, פּונקט ווי מיטן האַנט צוגענומען.

עס פלעגט אויך גריילעך טרעפן, אַז ער פלעגט צוזאָגן אָפּצושפּרעכן און דערוויל פאַרגעסן, איז מען אויך געהאָלפן געוואָרן. צי האָט ער גע־גלויבט אין דעם, איז שווער צו זאָגן. גיכער האָט ער צוליב געטאָן די מענטשן, וואָס האָבן אין אים געגלויבט.

ביי הערש־טוביהן אין שטוב איז טיי טרינקען געווען פונקט ווי אַ גע־באָט פון דער תורה. מען האָט געטרונקען טיי אויף וואָס די וועלט שטייט. אַ גאַנצן טאָג האָבן געזאָטן די טשייניקעס מיט טיי. ווער רעדט נאָך, אַז עס איז אונטערגעקומען פרייטיק, איז נאָך געווען, אויסער זיסע־רייזלס באַקן און קאָכן, אַ מעשה מיט צוגרייטן טיי אויף שבת. די גאַנצע שטאָט האָט געוואוסט, אַז נאָר ביי הערש־טוביהן אין הויז קען מען ערשט קריגן אַ כשר, שבתדיק גלעזל טיי. זיינען טאַקע אַלע חסידים געקומען שבת פרי, כעלות השחר, הנאה צו האָבן פון אַן אמת כשר גלעזל טיי. הערש־טוביה איז שוין געווען געקומען צוריק פון דער קאַלטער מקווה זיינער, וואָס ער איז געוואוינט געווען צו נעמען אַלע שבת, סיי זומער, סיי ווינטער. אַ נשמה יתרהדיקייט שטראַלט אַרויס פון זיינע קלוגע צוגעזשמורעטע אויגן און אַ נחת רוח נעמט אַרום זיין גאַנץ געמיט, צוקוקנדיק זיך צו דער עדה חסידים, ווי זיי האַלטן ציטערדיק מיטביידע דלאָניעס דאָס רויט גלעזל טיי, גיבן אַ זופּ פון צייט צו צייט מיט גרויס הנאה, פּאָסמאַ־קעווען זיך ווי פון בעסטן וויין און שלינגען אַרונטער פּאַוואָליע, מורא האָבנדיק זיך צו שיידן מיט דעם. דערביי שמועסן זיי וועגן דער סדרה פון דער וואָך מיט אַלערליי פּירושים.

צוגרייטן פרייטיק דעם שבתדיקן טיי האָט הערש־טוביה ניט געטרויט קיינעם, אַפילו ניט זיסע־רייזלען. זי האָט סיי־ווי־סיי געהאַט גענוג אַרבעט אַחוץ די טיי. דאָס איז געווען זיין חזקה און זיין הנאה. ווי צו אַ הייליקער עבודה האָט ער גענומען צוגרייטן די מכשירים פאַר דער טיי. קודם־כל האָט ער אויפגעקאָכט אַ סך קובלען מיט וואַסער, וויפל נאָר זיסע־רייזל האָט פאַרמאָגט אין איר קיך, נאָכער האָט ער פאַרבריט אפשר אַ טוצן פלעשער מיט טיי. נאָכדעם האָט ער אויף דער ענגלישער קיך אַרויפגע־לייגט אַ בלעך און אויפן בלעך אַרויפגעשאָטן אַ דיקן שיכט זאַמד. אונטער דעם אַלעם, האָבן, פאַרשטייט זיך, געטליעט הייסע קוילן. אויפן דיקן שיכט זאַמד איז געשטאַנען אַ גרויסער טשייניק מיט הייס־געקאָכטן וואַסער. אָן אַ זייט איז געשטאַנען אַ שעפּ־לעפל. ווען מען האָט באַדאַרפט אָנגיסן אַ גלאָז טיי, האָט מען באַדאַרפט זיך באַנוצן מיטן שעפּ־לעפל, חלילה ניט אַ ריר טאָן דעם טשייניק פון אָרט, אָדער נאָך ערגער, אָנרירן מיטן שעפּ־לעפל דעם באָדעם, טאָמער וועט חלילה, אַ פונק זיך אויפכאַפּן פון אונטערן טשייניק. אויף דעם האָט שוין הערש־טוביה אַכטונג געגעבן, אַז יעדער מאָל ווען מען האָט באַדאַרפט צוגיסן פריש וואַסער אין טשייניק פון די צוגעגרייטע קובלען, זאָל מען נאָך מער פאָרזיכטיק זיין ביים אַריינגיסן, ניט צו האַסטיק, עס זאָל ניט אַ שפּריץ טאָן אויפן הייסן זאַמד, אָדער גאָר, חלילה, אַ שאָקל טאָן דעם טשייניק. דערפאַר, נאָך אַזאַ הייליקער

עובדה, ווען אַלץ גייט ביי אים כשורה, ווי עס באַדאַרף צו זיין, פילט ער זיך שבת נאָך מער געהויבן און האָט אַ דאָפּלטע הנאה, אי פון הייליקן טאָג שבת, אי פון די יידן, וואָס ער האָט זיי מזכה געווען הנאה צו האָבן פון אַ כשר, שבתדיק גלעזל טיי.

דער ערשטער בעלן אויפן שבתדיקן גלעזל טיי איז געווען יעקב־הערצל, אַ נאַאיוועך איבערגעגעבענער חסיד, אָבער אַ גרויסער תם אין ווערטלעכע ענינים. זיין גאַנצער הילוך און איבערהויפּט זיין נאָמען פלעגט אַרויסרופן ביי אַלעמען אַ שמייכל. אייגנטלעך האָט ער גאָר געהייסן שמחה בונים, נאָר מחמת ער פלעגט שטענדיק פאַרשלאָפט און קראַנק ווערן, פלעגט מען אים יעדעס מאָל צוזעצן אַ נייעם נאָמען, צוערשט הערצל און נאָכער יעקב. מיט דער צייט איז דער אָריגינעלער נאָמען אָפּגעפאַלן און ס'איז געבליבן יעקב־הערצל, וואָס דער קלאַנג בלויז רופט אַרויס גרויס געלעכטער. אָט דער חסיד איז געווען אַ שטענדיקער אַריינגייער אין הערש־טוביהס שטוב, אַזוי אַז מען האָט אים שוין געהאַלטן כמעט פאַר אַ בן־בית. ער טאַקע פלעגט עס אונטערטראָגן חיימען, דעם מוזיניקל, אַ שעפ וואַסער אויף אָפּגיסן נעגל־וואַסער, ווען ער האָט נאָר דערזען, אַז יענער האָט גע־עפנט אַן אייגל, גרייט זיך אויפצושטיין. וואָרעם חיים איז געשלאָפן אין פאָדער־שטוב, דאָ וואו אַלע חסידים זיצן איצט און ריידן תורה. אָבער הערש־טוביה האָט שוין באַמערקט פון דערווייטנס און אַ שמייכעלע האָט זיך באַוויזן אויף זיין פנים.

ווייזט אויס, אַז ער האָט געקענט גוט זיין תכשיט, אָבער ער איז געווען געננוג ווערלמלעך און קלוג צו פאַרשטיין, אַז נעגל־וואַסער וועט אים ווינציק וואָס העלפן. דאַקעגן האָט יעקב־הערצל עס ניט געקענט תופס זיין. ער איז געווען אויסגעוויקט אין כולו תורה און די גאַנצע וועלט איז אים ניט אָנגעגאַנגען.

דער טאָג האָט זיך ביי הערש־טוביהן אָנגעהויבן צוויי פאַרטאָג. דאַן פלעגט ער אויפשטיין און ביי אַ קליין לעמפּל זיך פאַרטיפן אין מדרש, שולחן־ערוך אָדער חיי־אדם, דערביי אונטערברומען, וויגנדיק זיך מיט זיין אייגענעם שאָטן אויף דער וואַנט, אַמאָל זיך קריגן מיט זיך אַליין און זיך איבערבעטן ניט אַרויסלאָזנדיק דאָס גלאָז טיי פון דער האַנט. אַזוי פלעגט ער זיך אָפּשאָקלען ביז ניין פרי. ערשט דאַן פלעגט זיך אָנהייבן ביי אים דער צווייטער האַלבער טאָג — פרנסה. ער האָט געהאַנדלט מיט ברוכוואַרג. ביי אים אויפן הויף איז געווען אַ גאַנצער יריד. מענטשן זיינען געזעסן און סאָרטירט אַלערליי שמאַטעס, אייזנס, קופּער, מעש, שרייפלעך, שטאַנגען און וואָס ניט? נאָר איין גאָט ווייס צו וואָס מען באַדאַרף דאָס אַלץ! אָבער דייטשלאַנד האָט ווייזט אויס יאָ געוואוסט, ווייל אַהין זיינען

געגאַנגען גאַנצע וואַגאָנען פון אַלערליי מינים, און ניט נאָר קיין דייטש־לאַנד האָט מען געשיקט, נאָר קיין דאַנציג, קיין לאָדזש און נאָך גרויסע שטעט. דאָ אויפן הויף האָט זיך הערש־טוביה מתעסק געווען ביז פאַר־נאַכט. פאַרנאַכט פלעגט ער זיך ערשט שטעלן דאַוונען שחרית. נאָכן אָראָפּ־נעמען רבינו תמס תפילין האָט ער פאַר איין וועגס אַריינגעכאַפּט אַ מנחה. געגעסן האָט ער אויך אַלע דריי מאָלצייטן פאַר אַ מאָל: אַ ביסל פון אָנבייסן, אַ ביסל פון וואַרעמס, און אַ קליין ביסעלע וועטשערע. נאָך דער וועטשערע האָט ער געמוזט פאַרבייסן מיט אַ פאַרטיע שאַך, וואָרעם ווי באַרימט ער איז געווען ווי אַ בורר, אַזוי נאָך מער באַרימט איז ער געווען פאַר אַ גוטן שאַך־שפּילער. אַלע האָבן געוואוסט, אַז דער קאָמאָרניק פון שטאָט קומט יעדן שבת־צו־נאַכטס שפּילן שאַך מיט הערש־טוביהן. האָט מען געקענט זען אַזאַ בילד:

שבת פאַרנאַכט. ביי הערש־טוביהן אין שטוב פראַוועט מען שלוש־סעודות. אַ גאַנצע עדה חסידים זינגען דאָרט, פאַרגייען זיך אין מתיקות, וואָס ווייטער אַלץ מער מיט התלהבות, אויסציען דעם שבת נאָך לענגער. זיי האָבן זייער שטאַרק געהאַלטן פון „המאחרים לצאת ומחרים לבא". אין שטוב איז שטאַרק פינצטער, נאָר אין דרויסן איז טונקל־בלוילעך, ביך־השמשותדיק. אויפן הויף דרייען זיך שוין אַרום באַצייטנס דער קאָמאָרניק מיט זיין ווייב, וואָס זיינען געקומען אַריינכאַפּן אַ פאַרטיע שאַך מיט הערש־טוביהן. דרייען זיי זיך אַרום אומגעדולדיקע און קוקן אַריין שוין צום צווילפטן מאָל אין די פענצטער, אָבער מער ווי חשכות זעען זיי ניט. דערפאַר פאַרנעמען זיי אויסטערלישע ניגונים וואָס צענעמען אַפילו אַזאַ גויאיש האַרץ ווי ביי אים. וועו ער שעמט זיך ניט, כאַפּט ער זיין „קאָביעטאַ" און צעלאָזט זיך מיט איר טאַקע דאָ איבערן הויף! אָבער וואָס נעמט עס ביי זיי אַזוי לאַנג? עפּעס דאַכט זיך אים, אַז היינט איז עס לענגער ווי אַלעמאָל. אָבער די חסידים איילן זיך ניט. וואָס גייט זיי איצטער אָן אַ קאָמאָרניק, וואָס וואַרט מיט אומגעדולד צו מאַכן אַ פאַרטיע שאַך! זיי האָבן נאָך צייט אַריינצוקריכן אין שפּאַן פון דער וואָך, אין עול פון פרנסה, דער עיקר — זאָל נאָך זיין שבת! ענדלעך, נאָך לאַנג וואַרטן און קוקן אַרויף צום הימל, דערפרייט ער זיך, דער קאָמאָרניק: ער האָט עס געפונען! מיט גרויס שמחה קלאַפּט ער אָן אין פענצטער:

— „פּאַניע טוביה, מען זעט שוין דריי שטערן אויפן הימל!"

מיט דעם זאָג האָט דער גוי אַראָפּגענידערט די וואָך. באין ברירה האָט מען געמאַכט הבדלה. ס'איז ניט געווען סתם אַן הבדלה, נאָר אַ גאַנצער קאָנצערט! עס איז שוין געווען אַ חזקה ביים מוזיניק חיים, אַז ער זאָל

אָפּשפּילן אויף זיין פידעלע דעם המבדיל פאַר דער עדה חסידים. אַ פּאַר־סאַפּעטער, אַ צעטראָגענער פלעגט ער אַריינפּאַלן אין שטוב פון זיין „געיעג" אין פּאַרק און קומען אין דער ריכטיקער צייט. ערשט נאָכן אָפּ־זינגען און אָפּטאַנצן, פלעגט דער קאָמאָרניק מיט הערש־טוביהן זיך נעמען צום שאַך.

שפּילן שאַך מיט אַ גוי האָט עפּעס ניט קיין יידישן טעם. מען קען ניט אויסלאָזן אַלע חנעוודיקע ווערטלעך, ווי עס פּירט זיך ביי אַזאַ שפּיל פון פּאַרמעסט, ניטאָ דער יידישער קרעכץ, דער קיבעץ, און אַריינזאָגן יענעם אין דער זיבעטער ריפּ אַריין, דער עיקר דער גמרא־ניגון, וואָס באַגלייט אַ געלונגענעם צוג, בעת איין צד באַלעקט זיך און פּאַסמאַקעוועט זיך פון זיין אייגענער התפּעלות און וואַזשנעם איינפּאַל און דער אַנדער צד איז נעבעך אין אַ קלעם און קען זיך קיין עצה ניט געבן. דאָ מיטן קאָמאָרניק איז געווען אַן אַנדער אַטמאָספערע: מען איז געזעסן סטאַ־טעטשנע, פון צייט־צו־צייט זיך דורכגעוואָרפן מיט אַ וואָרט און בלויז אַ שטילן קלאַפּן פון די פיגורן, וואָס האָבן איינציקווייז פאַרלאָזן דאָס שאַך־ברעט. הערש־טוביה אין זיין שבתדיקער קאַפּאָטע מיטן שוואַרצן קאַפּעלע אויפן קאָפּ, מיטן הויכן שטערן — אַ סימן פון אַ תלמיד־חכם — האָט געמאַכט טאַקע אַזאַ איינדרוק. זיינע צוגעזשמורעטע אויגן האָבן האַלב געשמייכלט, האַלב מיטגעפילט פון יענעמס שוואַכן צוג; אַ שמייכלדיק קנייטשעלע איז קיינמאָל ניט אַראָפּ פון איין זייט מויל, ווי איינער זאָגט: עס וועט דיר גאָרניט העלפן, וועסט סיי־ווי ביי מיר פאַרלירן. אָבער אַמאָל פלעגט ער דאָך לאָזן יענעם געווינען; עפּעס פּאַסט דאָך ניט, ביי זיך אין שטוב... צומאָרגנס האָט די געשעעניש זיך בליץ שנעל פאַרשפּרייט איבער דער גאַנצער שטאָט, אַז הערש־טוביה האָט פאַרלאָרן ביים קאָמאָר־ניק אַ פּאַרטיע שאַך.

פּונקט ווי הערש־טוביה איז געווען געשעצט און געאַכט ביי אַלעמען, אַזוי איז אויך זיין זיסע־רייזל געווען באַליבט און געשמט איבער דער גאַנצער שטאָט מיט איר שיינקייט און גוט האַרץ. זי האָט אַלע מאָל געוואוסט, וואו עס געפינט זיך אַ קראַנקער, אַ נויט־באַדערפטיקער, אַ בכבודיקע גע־פאַלענע פאַמיליע, וואָס שעמט זיך מיט איר אָרעמקייט און „קנייפּט זיך די באַקן, אַבי די פאַרב זאָל שטיין". די אַלע האָט זיסע־רייזל געהאַט אויפן צעטל ביי איר אין קאָפּ און זיי אַלעמען געהאָלפן שטילערהייט וועמען מיט עסנוואַרג, וועמען מיט קליידער און אַפילו מיט מזומן, שאַ, שטיל, קיינער זאָל ניט וויסן. דאָ, אין איר גרויסער, געראַמער קיך, באַהאַנגען מיט כלערליי שווערע קופּערנע ראָנדלעס, וואָס פינקלען און

בלאַנקען אַראָפּ פון די ווענט, פירט זיסע־רייזל איר ווייבערשע מלוכה. קומט פרייטיק שטייט זי אויף כעלות השחר און נעמט זיך גלייך צום באַקן און קאָכן, ניט נאָר פאַר זיך אַליין, נאָר כמעט פאַר אַ האַלבער שטאָט. איר חלות און פלעצלעך פאַרשמעקן זייער גרויסן הויף מיט דער גאַנץ וואַרשעווער גאַס. דער ערשטער כאַפּט זיך אויף דער מוזיניקל חיים, מחמת ער האָט אַ גוטן חוש הריח און באַלד וואַקסט ער אויס וואו מען דאַרף ניט און טאָרעט דער מאַמען:

— מאַמעשי, גיב מיר אַ פּלעצל!

— קריגן זאָלסטו אַ זעצל — ענטפערט זי אים מיט אַ גראַם, גלאַט אַזוי, און קוועלט פון נחת, וואָס דער ערשטער מבין האָט זיך געיאַוועט. פון די וויטערדיקע שטובן דערטראָגט זיך הערש־טוביהס קול:

— זיסע־רייזל, איך בעט דיך, קענסט מיר אפשר מסביר זיין וואָס איז דאָס פאַר אַ קללה „קריגן זאָלסטו אַ זעצל”?

ווערט זי צעטומלט און פאַרשעמט, וואָס מען האָט זי געכאַפּט ביי נישט קיין רעכטע זאַך, און לאָזט שולדיק אַראָפּ די אויגן.

זיסע־רייזל האָט שוין אַחוץ די חלה מיט די פלעצלעך אויך אָפּגע־קאָכט די פיש און די עופות און אַלע איבעריקע מאכלים און יאָגט איצט אונטער איר תכשיט, טאַקע ווידער דעם מוזיניקל חיימל, ער זאָל עס צע־טראָגן וואו מען באַדאַרף. פאַר דער טרחה גיט זי אים איצט אַ פלעצל.

— חיימשי, טו דיך אָן און כאַפּ זיך אַריבער צו שמואל־מאיר קירשטנ־בוים און טראָג אים אַוועק אָט דאָס פּעקעלע. ער איז שוין, נעבעך, שלאָף אַ לאַנגע צייט. נאָכער וועסטו צולויפן צו ישראל וואַטמאַכער מיט דעם פּעקעלע. ווען דו וועסט צוריקקומען, וועסטו פּאַוואָליע מיט ביידע הענט צוטראָגן דאָס טעפּעלע צו דער אָרעמער קימפּעטאָרין — אַ שטיקל עוף מיט אַ קאָפּ זופּ. אַ רחמנות, נעבעך, אויף איר. נאָר דו מוזט מיר צוזאָגן, אַז זאָלסט גיין ווי אַ מענטש, ניט שפּרינגען און ניט לויפן ווי דיין טבע איז, וועסט נאָך חלילה, אויסגיסן די זופּ!

צי ער וועט נאָך, חלילה, פאַלן, אָדער צעברעכן זיך אַ פוס, דאָס פאַלט איר ניט איין, נאָר די זופּ פאַר דער קימפּעטאָרין איז וויכטיקער.

חיימל פירט אויס גערן אַזאַ שליחות, ווייל פאַר יעדן גאַנג קריגט ער אַ פרישן פּלעצל שוין אָן דעם „זעצל” און דערביי, זאָגט די מאַמעשי, פאַרדינט ער אַ מצווה. דאָס איז שוין זיין חזקה.

ווער האָט עס געזאָגט, אַז נאָר פּורים טראָגט מען שלח־מנות? ביי

זיסע־רייזלען טראָגט מען שלח־מנות אַלע פּרייטיק, אַ גאַנץ קיילעכדיק יאָר און חיים איז דער שלח־מנות טרעגער.

זיבן קינדער האָט זיסע־רייזל אויף דער וועלט געבראַכט: פינף יינגלעך און צוויי מיידלעך. עס איז אויך געווען אַ צווילינג פּאָר אַ צולאָג, נאָר ער האָט זיך אָפּגעטראָגן איידער דער מוזיניק חיימל, זאָל אים זיין צו לאַנגע יאָר, איז אויף דער וועלט געקומען. אברהם־יעקב, דער עלטס־טער, איז געגאַנגען אין זיין טאַטנס דרכים, געהאַט סמיכה אויף רבנות און געקענט שיין דאַווענען פאַרן עמוד. דער צווייטער, וועלוול, איז לאַנג אין דער היים ניט געווען. ער האָט ניט געוואָלט דינען פאָניען. אויסער דעם איז ער געווען געכאַפּט אויף דער מעשה — אַ „ציציליסט". האָט ער זיך אין אַ שיינעם פרימאָרגן אויפגעהויבן, פאַרלאָזט זיין טאַטנס הויז און אַוועק צוערשט קיין ענגלאַנד און נאָכער קיין אַמעריקע, ניט וויסנדיק, אַז זיין מאַמע האָט אים געשאָנקען אַ קליין ברודערל.

דער דריטער זון, יצחק, איז געווען אַ פאַרקויפער אין אַ הורטאָווע שפּייז־קראָם, אַ „פּריקאַזשטשיק" הייסט עס, אָן איידעלע מלאכה אין יענער צייט, בעסער ווי אַ שניידער אָדער אַ שוסטער, חלילה.

יחיאל, ווידער איז געוואָרן אַ מצבה־קריצער. זיינען טאַקע ביי הערש־טוביהן אין הויף געלעגן אָנגעהויפט איינער אויף דעם צווייטן אַלערליי שטיינער פון פאַרשיידענע מאָסן און פאָרמען. די פאַרטיקע זיינען שוין געשטאַנען גרייט מיט אויסגעצאַצקעטע לייבן און הענט וואָס דוכענען. אַ האַלבן הויף האָבן זיי פאַרנומען און ביינאַכט געשראָקן דאָס קליינוואַרג. חברה האָט מורא געהאַט אַ פוס אַרויסצושטעלן ביינאַכט, און אַז מען האָט אַמאָל געדאַרפט שיקן עמעץ אין געוועלבל עפּעס קויפן, זיינען געגאַנגען צוויי און די צוויי האָבן אויך געציטערט אימת מוות. האָט מען געלאָזט די טיר אָפן און מען האָט זיי נאָכגעשריגן:

— וואו זייט איר, שוין אין הויף? פאַרמאַכט דעם טויער? פאַוואָליע, פאַרטשעפּעט ניט די ציצות! איצט גייט גלייך מיט דער נאָז, וועט איר טרעפן די טיר, ס'איז אָפן!

נאָך אַזעלכע קאָמישע אויסרופן האָט זיך די שרעק אויסגעוועפּט און דער פּחד פאַרשוואונדן.

ביידע טעכטער, שרה־איטע און טשיפּע האָבן צוגעהאָלפן דער מאַמען אין דער באַלעבאַטישקייט. ביידע האָבן געשמט פאַר גרויסע בריות און מיט זייער גוט האַרץ אַריינגעראָטן געווען אין זייער מאַמען. האָט מען געהאַלטן ביים מאַכן איינגעמאַכטס אויף „הלוואי זאָל מען עס ניט באַדאַרפן", האָט

מען געמאַכט וואָס מער, האָבנדיק אין זינען אַ קימפּעטאָרין, אַ שוואַכן אָדער אַ קראַנקן, זיי דערקוויקן אַ ביסל ס׳האַרץ, זיך קענען גוט אויס־שוויצן, ספּעציעל פון די מאַלינעס. דאָס אַלץ איז באַגלייט געוואָרן מיט אַ סך ברכות און טרייסט־ווערטער.

אַ טרייסט און אַ גוט וואָרט האָט טאַקע טשיפּע באַדאַרפט האָבן שפּע־טער, ווען זי האָט חתונה געהאַט און קיין קינדער זיינען ניט געקומען. זי איז געבליבן קינדערלאָז. אָבער שרה־איטע האָט געהאַט דריי זין: שאול, אַברהמל און משה, וואָס האָבן מיט נסים זיך געראַטעוועט פון דער שחיטה און געפינען זיך איצט אין ישראל.

חיים־לייזער, דער „וויסקראָבעק", ווי מען האָט אים צוגערשט גערופן, איז געבאָרן געוואָרן נאָך יחיאלן און אַ וואָסער פינף חדשים פריער פון אברהם־יעקבס עלטסטן זון זאב. כדי אונטערצושיידן דיביידע יינגלעך, וואָס האָבן זיך כמעט געהאָדעוויט ווי אַ צווילינג, האָט מען חיימען גערופן דער „פעטער" און אַזוי איז עס שוין פאַרבליבן. מיט דער צייט איז זיין צווייטער נאָמען לייזער אָפּגעמעקט געוואָרן, פאַרגעסן. סיי ווי האָט ער דעם נאָמען לייזער ניט געקענט פאַרטראָגן, ווען ער איז עלטער געוואָרן און אויסגעפונען, אַז זיין קוזין פון זיין מאַמעס צד, וואָס הייסט אויך חיים לייזער, איז געווען אַ גרויסער הערינג־פרעסער, און חיים האָט געהאַסט דעם הערינג, ווי אַ פרומער ייד דעם חזיר. נאָך מער, ער האָט אַפילו ניט אָנגערירט די קליאָמקע פון אַ טיר מיטן הוילן האַנט, אויב ער האָט נאָר געהאַט דעם מינדסטן חשד, אַז דאָרט עסט מען הערינג, נאָר געעפנט מיטן עלנבויגן. ער איז ניט נאָר עמפּינדלעך צום הערינג אַליין, נאָר צו אַלערליי פישן, וואָס האָבן אַ שייכות צו הערינג. דער קאַפּיטאַן פון דער אַרמיי, וואו חיים איז שפּעטער געווען אַ סאָלדאַט, האָט אַמאָל געזאָגט, אַז אים, חיימען, וועט מען ניט דאַרפן שיסן, נאָר וואַרפן אַ הערינג וועט ער פאַלן אַ טויטער... היינט קענט איר זיך שוין פאָרשטעלן וואָס פאַר אַ געהאַקטע צרות כ׳האָב געהאַט אויסצובאַהאַלטן דעם הערינג אין דער באַלעבאַטיש־קייט. אַ ליטוואַטשקע אָן אַ שטיקל הערינג יעדן טאָג, איז, ווי דער פראַנ־צויז זאָגט: אַ מיטאָג אָן ווייַן, איז ווי אַ טאָג אָן דער זון. ווער רעדט נאָך ווען מען פאַרגייט אין טראָגן און די נודאָטע איז אַזוי גרויס, איז דאָך קיין בעסערע זאַך ווי אַ שטיקל הערינג, וואָס רינט נאָך פון אים דער ליאַק — ניטאָ! דער הערינג איז געשטאַנען צווישן אונדז ווי אַ מחיצה און די זיילן פון שלום־בית האָבן זיך געטרייסלט... כ׳האָב געמוזט מאַכן אַן אויסוואַל: אים — אָדער דעם הערינג און כ׳האָב גענומען דעם צע־פּיעשטשעטן מוזיניקל. און צעפּיעשטשעט איז ער נאָך געווען ביי זיין

מאַמען אין בויך — אַן עקשן מיוחד. קוים האָט ער זיך אויף עפּעס פאַר־נומען, האָט ער עס געמוזט אויספירן.

אָנגעהויבן האָט זיך עס אין זיינע פריע קינדער־יאָרן ביים דרדקי־מלמד מאַטעס. קיין וואָזשנער „פאַרשוין" איז אָט דער מאַטעס ניט געווען. ער האָט געהאַט אָפּשטייענדיקע גרויסע אויערן, אַ באָרד פון שנופּ־טאַבאַק קאָליר, וואָס ער האָט עס שטענדיק געהאַלטן אין איין קייען און קליינע מייזישע אייגעלעך, וואָס זיינען געלאָפן אָן אויפהער פון רעכטס צו לינקס און פון לינקס צו רעכטס. אין שטאָט האָט מען אים געהאַלטן פאַר אַ פּרא אָדם, אָבער פאַר אַ גוטן מלמד.

באַלד דעם ערשטן טאָג אין חדר, האָט מאַטעס זיין נייעם תלמיד געוואָלט צוגעבן מער חשק צום לערנען און ער האָט אָנגעהויבן מיט אַ ניגון:

— לערן, יינגעלע, לערן, וועסטו אם ירצה השם, זיין, וועסטו זיין — און ער האַקט זיך אָפּ, מאַכט אַ לאַנגע הפסקה, בייסט זיך דאָס בערדל און טראַכט: וואָס קאָן ער אַזוינס זאָגן זיין תלמיד, אַז ס'זאָל אים נעמען?

— רבי, וואָס וועל איך זיין? — זאָל חיימל האָבן געפרעגט מיט אומגעדולד און נייגיר —

— וועסט זיין, וועסטו זיין — ציט אויס דער רבי יעדעס וואָרט — אַזאַ ווי איך! — גיט ער אַ זאָג מיט גדלות און קוקט אָן זיין תלמיד.

דערהערט דאָס, האָט חיים געכאַפּט די פּיס אין די הענט אַריין און געמאַכט אַ ויברח. אַזוי ווי דאָס פענצטער איז געווען אָפן, איז ער גלייך אַרויסגעשפּרונגען און אַהיים געלאָפן וויינענדיקערהייט. עס האָט גאָרניט געהאָלפן, חיים האָט מער צו דעם מלמד ניט געוואָלט גיין. גאַנץ פּשוט: ער האָט ניט געוואָלט אויפוואַקסן אַזאַ ווי יענער... דער טאַטע האָט געשמייכלט אין זיך מיט זיין קלוגן שמייכל און בשעת מעשה אַוודאי געטראַכט: ער איז שוין גאָרניט קיין טיפּש, דאָס יינגל!

דערווייל איז די צייט ניט געשטאַנען אויף אַן אָרט און אַוודאי ניט פּעטער חיים. פון אַ יינגעלע איז ער שוין אויסגעוואַקסן אַ יונגאַטש מיט ביינער. ער האָט באַלד דערשנאַפּט אין דער לופט, אַז עפּעס האָט זיך דאָ געענדערט אינעם שטייגער פון יידישן לעבן. אַז אין חדר איז ענג, פּוסט און טעמפּ. ער פאַרענטפערט ניט קיין שאלות, דער חדר, און שאלות זיינען אויפגעשוואומען אַ סך אינעם יונגן קעפּל. ערגעץ זיינען דאָ אַנדערע חדרים, מער מאָדערנע, שולן, אַפילו אַ גימנאַזיע. מען דאַרף אַ שמעק טאָן.

בשתיקה, קיינער זאָל ניט זען און קיינער זאָל ניט וויסן האָט ער פאַר־קאַטשעט דאָס טראַדיציאָנעלע קאַפּאָטקעלע, אָפּקירצנדיק עס מיט שפּיל־קעס, בלויז אויף דער ווייל, דאָס היטל פאַררוקט אונטערן אָרעם, די פּיאות פאַרוואָרפן אונטער די אויערן און אַוועק צו אַ לערער פון גימנאַזיע נאָשן פון נייעם וויסן, קוים האָט ער פאַרזוכט דעם טעם, איז ער צוגעפאַלן ווי אַ דאָרשטיקער צום קוואַל און ניט געוואָלט אָפּלאָזן. ער האָט אָנגעהויבן שטילערהייט זיך צוגרייטן צום צווייטן קלאַס גימנאַזיע. קיין סך האָט ער פון די לימודים ניט פאַרשטאַנען, איבערהויפּט נאַטור־וויסנשאַפט, און די טערמינאָלאָגיע. אָבער גרויס חשק האָט ער געהאַט, אַ גוט קעפּל אויך, האָט ער אַלץ אויסגעלערנט אויף אויסנווייניק. ווען עס איז געקומען צום עקזאַמען, האָט זיך פעטער חיים אַרויסגעוויזן פאַר אַ וואונדער־קינד. דער גאַנצער לערער־פערסאָנאַל איז געבליבן נשתומם. וואָס מען זאָל אים ניט האָבן געפרעגט האָט ער געענטפערט געניי מיט די זעלבע רייד פון ביכל, אַמאָל נאָך באַנוצנדיק הויכע פראַזן אויך. ער פלעגט בשעת מעשה פאַר־זשמורען אַן אייגל, ווי זיין טאַטע, פאַרלייגן ס׳קעפּל אויף אַ זייט און זיך אָנשטרענגונגען צו דערמאָנען זיך אויף וואָסער זייטל פון בוך דאַרף עס זיין. קוים האָט ער זיך דערמאָנט, פלעגט ער אָפּקלאָפּן דעם ענטפער ווי אַ רבנן קדיש. די לערער האָבן זיך סוף־כל־סוף געכאַפּט, אים געמוטשעט לענגער ווי אַלעמען, געוואָלט אים כאַפּן ביי עפּעס און ניט געקענט. אָבער דעם עקזאַמען האָט ער דאָך אויסגעהאַלטן מיט אַן אויסצייכענונג נאָך און אַריינגענומען געוואָרן אין צווייטן קלאַס גימנאַזיע.

די נייעס, אַז הערש־טוביהס מוזיניק איז אָנגענומען געוואָרן אין דער גימנאַזיע האָט זיך פאַרשפּרייט איבערן שטאָט ווי אַ פייער. די ערשטע, וואָס האָבן באַלד דערשמעקט די „געפאַר", זיינען געווען די חסידים. זיי זיינען געקומען הענדום־פּענדום צולויפן און באַלאַגערט הערש־טוביהס שטוב מיט יללות:

— ס׳טייטש, וואו איז דאָס געהערט געוואָרן, ר׳ הערש־טוביה, אייערס אַ זון זאָל אַוועקגיין אויף אַזעלכע דרכים? דאָס איז דאָך ערגער ווי שמד, רחמנא ליצלן!

— שטותעריי — גיט ער ביטולדיק אַ מאַך מיט דער האַנט און שמייכלענדיק גיט ער צו: — וואָס האָט איר געמיינט, אַז די גאַנצע וועלט איז שוין כולו זכאי? ניט קיין גרויסער אומגליק, וועט ער קיין רב ניט זיין, אָבער אַן ערלעכער גוי וועט ער יאָ זיין! ווער ווייס, צי איך אַליין וואָלט ניט געשטרויכלט געוואָרן אין זיין עלטער היינט צו טאָג? די וועלט שטייט דאָך ניט אויף אַן אָרט!

אַז פעטער חיים האָט געמאַכט אַ גוטן אָנהייב, האָט מען באַלד געקענט זען, נאָך אים זיינען אַוועק אַ סך פון זיינע חברים און יוגנטלעכע. עס האָט זיך באַלד אַרויסגעוויזן די גרויסע פעאיקייטן פונעם פעטער חיים און זיינע גרויסע חריפות אין מאַטעמאַטיק. מען האָט אים טאַקע גערופן דער מאַטעמאַטיקער. אַלע האָבן זיך געקלעפּט צו אים, זוכנדיק ביי אים הילף ווי צו לייזן אַ מאַטעמאַטישע פּראָבלעם. ליגט פעטער חיים ביינאַכט אויף זיין געלעגער און ברעכט זיך זיין מוח ווי צו לייזן עס. ענדלעך בליצט אים אויף אַ געדאַנק, און מיטן נאָגל קריצט ער אויס אויפן וואַנט די לייזונג און צומאָרגנס האָבן שוין אַלע דעם ענטפער. איז טאַקע די וואַנט ביים פעטער חיימס בעט געווען אויסגעקריצט מיט הערָאָגליפישע מאַטעמאַטישע פאָרמולעס.

הערש־טוביה האָט שטילערהייט געקוואָלן פון זיין זונדל און געהאַלטן פון אים עולם ומלואו, בסוד, אַז קיינער זאָל ניט וויסן. איצט האָט ער שוין הנאה געהאַט צו שפּילן מיט אים אַ גוטע פּאַרטיע שאָך, שמועסן וועגן פּאָליטיק, וואָרעם פעטער חיים איז געוואָרן גאָר אַ סימפּאַטיקער פון „בונד". ער פלעגט אָפט פאַרפאַלן ווערן ערגעץ און מען פלעגט אים בשום אופן ניט קענען געפינען. עס האָט אַמאָל געטראָפן אַ שבת נאָכן דאַוונען — און פעטער חיים איז ניט געקומען צום טיש. אַלע וואַרטן אומרואיקע, אומגעדולדיקע און הונגעריקע, נאָר איין הערש־טוביה זיצט זיך רואיק און געדולדיק, אָפּגעגעסן די פיש, וויל ער מער ניט עסן ווייטער, ביז זיין מוזיניק וועט קומען פון גאַס. זיין מוזיניק מאַרשירט איצט צום ערשטן מאָל אין דער ערשטער מאַי־דעמאָנסטראַציע פון „בונד" און פ. פ. ס. ער פאַלט אַריין אין שטוב ניט טויט, ניט לעבעדיק, פאַרשוויצט און פאַרהאַוועט, מיט אַ שולדיקער מינע אויפן פּנים, ריכטנדיק זיך אויפן ערגסטן. דער טאַטע ווייזט אָן דעם זון אויף דער וואַש־שיסל און דאָס עסן ווערט פאָרגעזעצט. ניט געטאַדלט, ניט אויסגערעדט, ניט געמוסרט אַפילו ניט נאָכן שבת. אָט דאָס הייסט פאַרשטענדעניש און רעספּעקט פאַר יענעמס געפילן און געדאַנקען!

דער איינציקער, וואָס איז דערגאַנגען פעטער חיימען די יאָרן איז געווען זיין פלימעניק זאב. וואָס הייסט דערגיין די יאָרן? וואָס האָט ער געהאַט צו אים? ער האָט אים פּשוט מקנא געווען, און ווי זאָגן אונדזערע חכמים? „קנאת סופרים, תרבה חכמה". ער אַליין איז אויך ניט געווען קיין שיפע זיבעלע, אָבער פאַרדראָסן האָט אים סיי־ווי־סיי אויפן פעטערל, פאַרוואָס יענער קען טאַקע מאַטעמאַטיק בעסער! אַי, ביסטו דאָך גוט אין ליטעראַטור? דאָס רעכנט זיך ניט. דער פאַקט אַז עמעץ קען בעסער פון אים, דאָס פאַרדריסט אים ביז גאָר. אָט שפּילן זיי ביידע פידל, נעמען

לעקציעס ביי דעם זעלבן לערער. פעטער חיימען גייט עס טאַקע ווי אויף אַ פידעלע. דער לערער מאַכט אים קאָמפּלימענטן, זאָגט אים צו אַ ליכ־טיקע צוקונפט. די חסידים קוויקן זיך יעדן שבת־צו־נאַכטס מיט דעם המבדיל, מיט אַ וואָלעכל אָדער גאָר מיט עפּעס אַ רבינס אַ ניגון, וואָס צעגייט זיך איבער אַלע איברים און האַלב שטאָט שטייט שוין הינטער די פענצטער און גאַפט...

הגם מיט עטלעכע חדשים בלויז ייִנגער פונעם פעטער, האָט ער זיך געהאַלטן פאַרן עלטערן און געזוכט וואו נאָר עפּעס אַ פּגימה, אונטערצו־טראָגן אַ מסירהלע אויפן פעטער. נאָכער פלעגט ער אים אָפּטשאַטעווען און אים אָפּשפּילן אַ „וויוואַט״, רייצנדיק זיך מיט אים:

— ס׳טאַגאַל? ס׳טאַ גאַל (האָסט אַ גאַל)! האַ?

ס׳האָט אַפילו אַמאָל געטראָפן, אַז אין מיטן שפּילן איז זאב אַזוי אַריין אין אַ רציחה איבער דעם לערערס צו אָפטע באַמערקונגען, אַזש ער האָט אַ זעץ געטאָן מיטן סמיטשיק איבער דעם פעטערס פידל און צעבראָכן דעם בויגן אויף האַלב. קיין פידל־ווירטואָז איז פעטער חיים ניט געוואָרן, אָבער אַן ערלעכער „גוי״, ווי זיין טאַטע האָט געזאָגט, דאָס איז ער יאָ.

ערשט מיט אַ סך יאָרן שפּעטער, ווען כ׳האָב צום ערשטן מאָל באַקענט דעם באַרימטן דאָקטאָר זאב יוניס, האָב איך קיין איין שפּור פון די אַמאָ־ליקע ייִנגלשע קאַפּריזן ניט געפונען. פאַרקערט, ער איז געווען די פשטות און עניוות אַליין. פון פעטער האָט ער געהאַלטן אַ וועלט, נאָר פאַרוואָס ער האָט אויסגעקליבן צו זיין אַ בונדיסט קען ער אים ניט מוחל זיין.

ווען עס קומט מיר אויס פאַרבייצוגיין דאָס בילד פון פעטער חיימס עלטערן, מוז איך זיך אָפּשטעלן און צום וויפלטן מאָל באַוואונדערן די צוויי הערלעכע געשטאַלטן: ער מיט זיין הדרת פנים, צוגעזשמורעטע אויגן, זיין הויכן שטערן און קלוגן שמייכל אין ווינקל מויל. זי — אַ טיפּי־שע צניעותדיקע טאָכטער אין אַ שייטל. אירע אָפענע אויגן באַשאָטנט מיט שוואַרצע לאַנגע וויעס, שטראַלן מיט אַ סך וואַרעמקייט און גוטסקייט. דאָס זיינען די צוויי זיילן, וואָס האָבן באַפעסטיקט און פאַרוואָרצלט די משפחה יאָניש אויף נאָך אַ סך דורות צו קומען. און אויב עמעץ, וואו ער זאָל ניט זיין, וועט זיך אָנשטויסן אָן אַ יאָניש, מוז ער געהערן צו דער משפחה, ווייל קיין אַנדערע יאָנישעס זיינען ניט געווען. וכן ירבו לעולם ועד! אמן!

# דער פעטער חיים

דער „אַנקל״, ווי גאָלדע רופט אים, איז אַ קאַפּיטל פאַר זיך אַליין. באַלד פון דער ערשטער מינוט אָן, ווען דער באַשלוס צו פאָרן איז געוואָרן אַ פאַקט, איז ער אַריינגעפאַלן אין אַ גרויסער פּאַניק: מתנות! וואָס וועט זיין מיט מתנות? וואָס דאַרף מען קויפן פאַר וועמען, עס זאָל זיין צוגעפּאַסט צו יענעמס געשמאַק, זאָל זיין נוצלעך, פאַרשטייט זיך, און דער עיקר, צוגעפּאַסט צו דער קעשענע. וואָרים קיין גרויסע גבירים זיינען מיר דאָך ניט! ער האָט געהאַלטן אין איין רעכענען און חשבונען, דרייען מיטן גראָבן פינגער (אויף דעם איז ער אַ גרויסער מייסטער), און ס׳איז אַלץ אויסגעקומען דער חשבון אָן דעם באַלעבאָס. קיין נעכט האָט ער ניט צוגעטאָן מיט קיין אויג. ער איז געלאָפן הין־און־צוריק, געשמועסט, געזוכט, געפּלאָנטעט, געשריבן און געמעקט, געמעקט און געשריבן און צו קיין טאָלק אַלץ ניט דערגאַנגען. ווען איך מיט גאָלדען וואָלטן זיך געלאָזט פון אים אַזוי אַריינציען, וואָלטן מיר נאָך איצט ניט באַוויזן אַ בענדל צו קויפן. פּאַוואָליע האָבן מיר געמאַכט אַ רשימה מיט יעדנס נאָמען און באַלד צוגעשטעלט די מתנה, וואָס מיר האָבן בדעה צו קויפן, און נאָכמער פּאַוואָליע זיינען מיר ביידע אַרויס און איינגעקויפט, אַלץ שטיל און פּאַמעלעך, אָן טומל, אָן רעש. סוף־כל־סוף האָט ער זיך דאָך באַרואיקט און ס׳האָט שוין געהאַלטן מיט אים אויף אַ דרך, ווען עס מישט זיך ניט אַריין דער באַנקעט: זיין יוניאָן האָט באַשלאָסן צו מאַכן פאַר אים אַ גרויסן באַנקעט, אַזוי ווי עס פּאַסט פאַר אַזאַ גרויסן „יאַטעבעדאַם״ ווי ער איז.

געזאָלט האָט עס זיין אַ סורפּריז, אָבער באַלד צו מאָרגנס האָט מען די קאַץ אַרויסגעלאָזט צו פרי פון זאַק און מיין בעל־דבר האָט זיך גלייך דערוואוסט. הגם ער איז ווייט פון צו זוכן כבוד (אַזוי זאָגט ער), האָט ער זיך פון דער אידייע אַליין באַלעקט ווי אַ קאָטער. נאָכמער, מען האָט אים שוין אַפילו אויסגעזאָגט וויפיל מענטשן עס וועלן זיין, אין וואָס פאַר אַ רעסטאָראַן, אַפילו די מעניו און וויפיל עס קאָסט! נאָר אים וועט מען ניט רעכענען, דאָס איז טאַקע אַ סורפּריז! נו, נו! האָט זיך אָנגעהויבן אַ סדרה: באַנקעט. ריידן צו אים האָט קיינער ניט געקענט. ער איז געוואָרן זייער צעטומען, צעטראָגן און אַרומגעגאַנגען אָנגעלאָדן ווי מיט פּולווער. ער דאַרף צוגרייטן אַ „ספּיטש״. וואו מען איז געשטאַנען, וואו

מען איז געגאַנגען, האָט ער כסדר געחזרט דעם „ספּיטש". איז מען געגאַנגען שפּאַצירן, האָט ער אָנגעהויבן דעם „ספּיטש", „בלויז אַ שטיקל כאָטש", האָט ער זיך געבעטן, ער וויל הערן ווי עס קלינגט און באַלד האָט ער זיך צעלאָזט, זיך פאַרגעסן וואו ער איז אין דער וועלט און אַריין אין אַזאַ אָראַטאָרישן פּאַטאָס, אַז מענטשן אין גאַס האָבן אים אָנגעקוקט ווי משוגע. עס האָט אַפילו געטראָפן, אַז אין מיטן נאַכט האָט ער מיך אויפגעוועקט: איך מוז אים אויסהערן איצטער, שוין, אַלע שלאָפן, לאָמיך פּרובירן. און איך, אַן אויסגעמאַטערטע, אַ פאַרשלאָפענע, האָב אים האַלב אויסגע־הערט און נאָך מער פאַרשלאָפענערהייט אים געזאָגט: „אויב דו וועסט דרשענען אַזוי גוט אויפן באַנקעט ווי דאָ, ביזטו אָ־קעי באַי!".

מיין סמיכה האָט ער געקראָגן און אויפן באַנקעט האָט ער נאָך געקראָגן אַ גרויסע אָוואַציע: דער גרעסטער „ביג־שאָט" אַליין, וואָס איז ספּעציעל געקומען צו פליען פון שיקאַגאָ, האָט אים געדריקט די האַנט.

שיער ניט אויסגעלאָזט די מתנה, וואָס ער האָט געקראָגן. דאָס האָט אויך געזאָלט זיין אַ גרויסער סורפּריז. נאָר אַזוי ווי מען האָט אים שוין אויסגעזאָגט אַלץ, האָט מען שוין אַרויסגעלאָזט די גאַנצע קאַץ פון זאַק מיטן עק און אים געבעטן במחילה מיטגיין מיט די פאַרשטייער אויסצו־קלייבן די מתנה: אַ וואַליזע וואו מען קען אויפהענגען זאַכן. דאָ האָב איך שוין געגעבן מיין עצה:

— חיים — זאָג איך — אויב דער צער פון טראָגן איז שוין יאָ אַזוי גרויס, כ'מיין אויב זיי ווילן דיר שענקען אַזאַ זאַך, זיי ניט קיין יאָלד און קלייב דיר אויס די בעסטע און גרעסטע. „מאָני איז נאָ אָבדזשעקט", אויפן פּרייז זאָלסטו ניט קוקן, ס'הייסט, קוקן זאָלסטו דווקא יאָ, נאָר ס'זאָל דיך ניט אַרן. אויב מען עסט שוין חזיר, טאָ זאָל עס רינען איבער דער באָרד.

דאָס האָט ער מיך גראָד געפאָלגט, אפשר דאָס איינציקע מאָל אין לעבן, וואָס ער האָט מיך געפאָלגט. ווייל ער איז אַ גרויסער, פאַרבי־סענער עקשן. געגאַנגען קויפן די וואַליזע — מיין בחור קוקט זיך אַרום און ענדלעך ווייזט ער אַן מיטן פינגער אויף איינער — אָט דאָס איז עס, דאָס איז אים געפעלן. די צוויי קוקן זיך איבער, גיבן אַ קוק אויפן פּרייז, הייבן אָן אויף גיך צו רעכענען וויפיל עס וועט זיי נאָך בלייבן אויף בראָנפן און אַנדערע הוצאות צום באַנקעט, און זיי הייבן אָן מיט אים אונטערצוהאַנדלען: „סטייטש, גזלן, מיר וועלן ניט האָבן געגוג געלט!" און ער, ווי געזאָגט, אַן עקשן, וויל ניט נאָכגעבן, כאָטש טו אים עפּעס. ער'ט, זאָגט ער, באַדיי געבן אַ פינפער צושטייער, אָבער ער וויל דאָס,

און ניט עפּעס אַנדערש! אָפּגעזאָגט דאָס, דרייט ער זיך מכלומרשט אַוועק, קוקט אויף עפּעס אַנדערש, און ווי קלערט איר? אויסגעפּירט האָט ער, ניט זיי.

איז דען דאָ עפּעס אַ תירוץ פֿאַר אַן עקשן?

געבראַכט אַהיים די מתנה (יאָ, מען האָט עס אים באַלד געגעבן אין האַנט אַריין), דאַרף מען זיך נעמען פּאַקן. ער איז ווייטער אַריין אין אַ פּאַניק: פּאַקן אַהין — פּאַקן אַהער! בסך הכל האָט ער צוויי אָנצוגן, צוויי פּאָר שיך און נאָך קלייניקייטן. ווי מיינט איר, ער האָט ניט געהאַט גענוג פּלאַץ? אַפילו ער אַליין וואָלט זיך אויך דאָרטן געהאָנגען בכבוד גדול, ניט צעקנייטשט זיך און אַפילו קיין פּיפּס ניט געטאָן!

# אויף דער שיף

דעם פרייטיק, וואָס מיר האָבן געזאָלט אָפּפאָרן, האָב איך זיך געפּעדערט פאַרטאָג, אַ סך פריער ווי אַלע טעג פון אַ גאַנץ יאָר. עפּעס אַ קלייניקייט, דאָס איז דאָך דער אויסגעטרוימטער טאָג, דער טאָג, וואָס דאַרף פאַרווירקלעכן אונדזער חלום: צו פאָרן קיין ישראל און זיך זען מיט אונדזערע נאָענטע. ווי וועט עס אויסזען?

די ערשטע זאַך דאַרף מען זיך האַלטן רואיק, ניט זיין נערוועאיש און זיך האַלטן אין די ראַמען. דאָס ערגסטע, שטעל איך זיך פאָר, וועט זיין דאָס געזעגענען זיך. איך דאַרף ניט וויינען. אָבער ווי קען מען דאָס מאַכן אַזוי טרוקן? עפּעס אַ קלייניקייט, איבערלאָזן אַן אַלטע מאַמע, צוויי טעכטער, איינע אַ צעפּלויגענע, אַ צווייטע שוין צופּיל אַ שטוב־זיצערקע, און אַ זון מיט אַ פיינער שנור און פּאָר אַ צולאָג, אַ קאַץ מיט דריי קעצלעך! זיי זיינען אַזעלכע וואונדערלעכע גערעטעניש, זיי קריכן שוין אַרום, האַלטן די בלויע אייגעלעך אָפן און טרינקען שוין אַליין מילך פון טעצל.

די שעה האָט געשלאָגן און אָט זיינען מיר שוין אויף דער שיף.

די ערשטע זאַך: עס נעמט דיך אַרום אַזאַ װאַרעם, היימיש געפיל. דאָס איז אַ יידישע שיף, וואָס פאָרט אין דיין לאַנד, צו דיינע נאָענטע און דו הערסט די באַקאַנטע שפּראַך, וואָס דו האָסט שוין כמעט ווי פאַרגעסן. זעסט אויבן? די ווייס־בלויע פאָן פלאַטערט אין דער הייך!

דו ווערסט ביי זיך אַביסל האַפּערדיק און כאַפּסט אַריבער די מאַמע מיט אַ שנעפּסל, וואָס דו נעמסט מיט פריינד. מען ווינטשעוועט זיך, מען קושט זיך און מען האַלדזט זיך. אַמערגסטן איז מיר דאָס געזעגענען זיך מיט מיין זון און שנור. איך ווייס ניט פאַרוואָס, נאָר עס האָט מיך עפּעס אַ שטיק געטאָן ביים האַלדז, די אויגן האָבן אַ פלייץ געטאָן און איך האָב זיך פאַרשעמט.

די שיף האָט געהאַלטן אין איין טרובען אַזוי אומברחמנותדיק, אַ סימן, אַז אַלע געסט זאָלן פאַרלאָזן. נאָך אַמאָל כאַפּט מען זיך אַרום, אַ לעצטער האַנט־דרוק, אַ קלאַפּ אין די פּלייצעס און שלום, גוד־באַי!

באַלד האָט אַ ספּעציעלער קלונג גערופן צו מיטאָג. נאָך מיטאָג זיינען מיר אַרויס אויפן דעק. די שיף האָט זיך לאַנגזאַם גערוקט אַוועק פון ברעג. אויף יענער זייט זיינען נאָך אַ סך מענטשן געשטאַנען און

געפּאַכעט. אומזיסט האָב איך געזוכט מײַנע נאָענטע און פרײַנט. איך האָב זײ קײנעם ניט דערקענט. פונדעסטוועגן בין איך געשטאַנען אַ לאַנגע צײַט און געפּאַכעט ביז די שיף האָט זיך אינגאַנצן דערווײַטערט פון ברעג.

ווידער אונטן אין דער שיף. וואָס טוט מען איצט? גאָלדע ראָט מיר איך זאָל זיך אַ ביסל צולייגן. שוין כדאי, זאָגט זי, זיך אָפּרוען נאָך אַ שלאָפלאָזער נאַכט און נאָך ווער ווייסט וויפל שלאָפלאָזע נעכט פון פריער. איך פאָלג זי, קריך אַרויף אויפן סיעדעלע, אויף מײַן אויבערשטן בעטל און פרואוו כאַפּן אַ דרעמל. אין קאָפּ — איין גרויסער קאַשמאַר. איך ווייס ניט ווי לאַנג איך בין אַזוי געלעגן, געחלומט צי געשלאָפן, צי גאָר וואַך געווען, נאָר ווען איך האָב זיך אויפגעכאַפּט, האָב איך שוין ניט געקענט אַראָפּגיין. די שיף האָט זיך געוואַקלט, דער קאָפּ האָט זיך געדרייט, און אונטערן לעפּעלע האָט געאיבלט. אָט דאָס איז דאָס — האָב איך געטראַכט. עס הייבט זיך שוין אָן! אָן די ים־פּילן האָב איך אינגאַנצן פאַרגעסן. צום אָוונט־ברויט האָב איך שוין ניט געקענט אַראָפּגיין און איך מיט גאָלדען זײַנען געבליבן אין בעט.

וואָס איז געווען ווײַטער? גאָרניט. גראָד אויף אונדזער מזל איז אונדז באַשערט געווען דורכצומאַכן אַ שטיקל שטורעם, וואָס האָט געדויערט עטלעכע טעג מיט איבעררײַסונגען. זײ רופן עס אַ שטיקל, עס איז נאָך ניט געווען דער ריכטיקער. ביי מיר איז דאָס געווען גענוג גרויס. די וואַליזעס מיט אַלע פּעקלעך, מיטן אײנציקן שטול אין צימער, האָבן אַ גאַנצע נאַכט געטאַנצט אַ קאַראַהאַר הין־און־צוריק, געקלימפּערט און געקלאַפּט, נאָר טויב צו ווערן. דער ווינט האָט געוואָיעט ווי אַ ווילדער שאַקאַל אין מדבר און איך האָב טאַקע געמיינט, אַז מיר פאָרן אין אַ דזשאָנגל אַרײַן. און טאָמער איז דאָס נאָך ווייניק געווען, איז איינע אַרויסגעפאַלן פון בעט אין אונדזער צימער און אַרומגעפלויגן ווי אַ פּילקע צוזאַמען מיטן גאַנצן באַגאַזש און אײנציקן שטול און מען האָט זי ניט געקענט כאַפּן. אַ סך זײַנען אין אָפּרו־זאַל אַראָפּגעפאַלן פון די בענקלעך און צעבראָכן הענט מיט פיס. איצט גייט מען אַרום אַזוי ווי נאָך אַ פאַרלאָרענער שלאַכט מיט צעמזיקטע אברים, ווער אַ האַנט, ווער אַ פוס, זײַטן, בײַכער. מע קרעכצט, מע זיפצט, דער ים שטורעמט און מען פרעסט... מען האַלט אין איין פרעסן. מע ברעכט און מע פרעסט ווײַטער.

איך בין מלא רציחה אויף מײַנע פרײַנט און באַקאַנטע, וואָס האָבן מיר צוגעזאָגט אַזוי פיל פאַרגעניגנס אויף דער רײַזע:

„וואָס רעדט איר, איך בין אײַך אַזוי מקנא, באמת, אויף דער יידישער שיף, אויף דער „ישראל״, אַך סאַראַ עסן, סאַראַ באַדינונג! איר וועט זיכער צונעמען וואָג. איך אַליין האָב צוגענומען 5 פונט. הײַנט

צייט וועט איר גאַרניט האָבן פאַר זיך אַ מינוט. איין גרויסער באַנקעט, איין גרויסער טאַנץ, אַ פּיקניק אַ גאַנצער!״.

ווי אַזוי קען איך גיין צום באַנקעט, אויב ס׳וואָלט געווען אַזוינס, אַז איך קען זיך ניט איינבייגן עפּענען די וואַליזע און אַרויסנעמען מיין באַלאָווע קלייד, וואָס כ׳האָב מיטגענומען; ווי אַזוי קען איך גיין טאַנצן, אַז די שיף טאַנצט שוין פאַר מיר דעם טוויסט אין ״סלאָו מאָושן״... און אַ קאָנצערט, וואָלט איך שוין געהערט זיצנדיק אין געהאַקטע וואונדן, גיט מען ניט. ניטאָ קיין מוזיק צום עסן, ניט נאָכן עסן, ניט פאַרן שלאָפן גיין. טאָמער האָט מען שוין אַמאָל געגעבן אַ ביסל מוזיק אויפן פאַרלאַנג פון אַ ליבהאָבער, איז עס געווען אַזוי שטורעמדיק און צאַרנדיק, אַז דער ים איז נאָך געווען אַ הונט קעגן דעם. צום סוף האָט עס געררעוועט און געכאָרכלט ווי אַן אַלט פערד פאַר דער פּגירה...

פון גאָלדען האָב איך ניט קיין גרויס נחת. זי ליגט פאַרחלשט און מער ווי טיי טרינקט זי ניט. זי איז אינגאַנצן אָפּגעשוואַכט געוואָרן און קען דעם קאָפּ ניט האַלטן אויף זיך.

שוין אַ פּאָר טעג ווי ס׳איז שטיל געוואָרן. די שיף גליטשט זיך נאָרמאַל, דאָס וואַסער גרינלעך־בלוי מיט אַ ווייסן שוימל. קליינע כוואַליעס שטיפן אַרום, קושן זיך, כאַפּן אַ טענצל. פיש שטעקן אַרויס זייערע קעפּ, כאַפּן אַ בליק און טוקן זיך אונטער ווי פרומע ווייבער אין אַ מקוה. דער הימל בלוי אָן אַ סוף שפּרייט זיך אַוועק איבער ווייטע האָריזאָנטן און באַהעפט זיך ערגעץ מיטן ים. מיר ליגן אַלע צעלייגט אויף די שטולן און באָדן זיך אין דער וואַרעמער זון. אָט אַזוי האָב איך זיך טאַקע פאָרגעשטעלט מיין אידעאַלע רייזע. אָבער פּלוצים גיט מיין שטול זיך אַ ריס אָפּ פון אָרט, אַ פלי צום ים און צוריק. דאָס איז געשען אַזוי בליץ־שנעל, אַז איך האָב קיין צייט ניט געהאַט זיך צו שרעקן. ווען ניט די דיקע וואַנט, וואָלט איך אַריינגעפלויגן גלייך אין ים אַריין. אָבער עס איז גאָרניט, אין דבר, עס קען נאָך זיין ערגער.

ביינאַכט אָבער האָט עס אויסגעזען שטיל און רואיק. אַ שיף איז זיך רואיק געשוואומען פון דער ווייטנס, ערגעץ אין די ווייטע ווייטן, צווישן הימל און ים, פונקט ווי מיר. די לבנה, אַ פולע, אַ גרויסע, האָט זיך געטובלט אין ים און געשיינט מיט אַלע שטערנס און זילבערנע וואָלקנס. אַ שאָד, וואָס ס׳איז ניט געווען מיט וועמען עפּעס צו פאַרפירן אַ מין ראָמאַנסל, האָב איך מיט רעזיגנאַציע צוגעוואָרפן צו אים, אַ גוטע נאַכט ״אָלד מען״ און אַוועק שלאָפן...

דאָס איז געשען אַ דינסטיק ביים אָוונט־ברויט. שוין באַלד אַ טאָג ווי גאָלדע פילט זיך בעסער און גייט אַראָפּ מיט אונדז עסן. וויפיל זי עסט און וואָס זי עסט איז זייער וויניק, אָבער אַ פאַקט, אַז זי פילט

זיך בעסער און וויל זיין מיט מענטשן. מיר האָבן זיך בײדע אויסגעפּוצט אין דעם בעסטן וואָס מיר האָבן פאַרמאָגט. גאָלדע האָט נאָך פאַרוואָרפן אויף אירע אַקסלען איר שרה בת טובימס ענגלישן שאַל... עפּעס דאָס מאָל איז דער מאָלצייט צוגעגאַנגען פייערלעך, מיט פּאַראַד. די קעלנערס, אויסגעפּוצט אין די שוואַרצע פראַקן שטייף, האָבן סערווירט געניי אַלעמען גלייך, ניט איין טיש פריער און אַ צווייטן שפּעטער ווי געוויינטלעך. מען האָט שוין געהאַלטן כמעט ביים קאָמפּאָט, ווען פלוצים האָט זיך די שיף געטאָן אַ וואַקל, אַ פּרוי מיט אַ שטול (אַלעמאָל אַ פּרוי!) איז אַריינגעפלויגן מיט אַזאַ קראַפט אין אונדזער טיש און צוגעקוועטשט אַ צווייטע צו דעם זעלבן טיש. איך האָב געמיינט, אַז אַ באָמבע האָט דאָ געפּלאַצט. איך כאַפּ אַ קוק אויף גאָלדען — זי זיצט עפּעס אויסגעדרייט אויף אַ זייט צו מיר און רירט זיך ניט אינגאַנצן.

— קום — זאָג איך — גאָלדע, לאָמיר אַוועקגיין פון דאַנען!

זי קען זיך ניט רירן. שטעלט זיך פאָר, אַז נעבן איר איז געשטאַנען אַ טישל און אויפן טישל איז געשטאַנען אַ פיינער הייסער קוכן, באַגאָסן מיט שאָקאָלאַד, מחיה נפשות, פאַר אונדזערטוועגן, און אָט דער פיינער, הייסער קוכן האָט דערלאַנגט אַ פּלי ביי גאָלדען אונטער דער זייט — אזש ביזן סאַמע „זייט מיר מוחל" אַריין...

עס איז געוואָרן אַ גאַנצע סומאַטאָכע און גאָלדען איז דערווייל ווייך און וואַרעם. זי זיצט ווי אַ הון אויף אייער. הכלל, מען האָט זיך געהאַלטן אין איין קליגן ווי אַזוי אַרויסצובאַקומען דעם קוכן, כדי ער זאָל ניט אָנטאָן נאָך אַ גרעסערן שאָדן, אָבער אָן דערפאָלג. ווי מען האָט זיך ניט געקליגט, האָבן זיך אַלע אויסגעהזירט די הענט און די מלבושים. ענדלעך איז אָנגעקומען דער דאָקטאָר בכבודו ובעצמו, צוגעגאַנגען, געטאָן אַ קוק און ווי אַ געניטער מומחה אַריין פּאַוואָליע מיט ביידע הענט און „אָפּגענומען ס„קוכן" — מזל טוב! נאָכדעם האָבן אונדז וויי געטאָן די בייכער — ניט פון עסן, נאָר פון לאַכן.

# חנה באַלאַן

„מען זאָל ניט געפּרואווט ווערן צו וואָס מע קען געוואוינט ווערן" — אַ ריכטיק יידיש שפּריכוואָרט און עס פּאַסט זיך גראָד פאַר אונדז. ביסלעכווייז האָבן מיר זיך צוגעוואוינט צו די שטורעמס, צו די אַלע ריחות פון די דיזענפעקציע־מיטלען, מיט וועלכע מען האָט געריייניקט די שיף, אַזש מע האָט געקענט חלשן פון נישט־גוטקייט, אַ סך ערגער ווי די איבלעניש פון דער ים־קראַנקהייט — און דאָס לעבן אויף דער שיף האָט אָנגענומען אַ מער אָדער ווייניקער נאָרמאַלן שטייגער. עס הייסט, מען האָט שלום געמאַכט מיטן געדאַנק, אַז אַזוי דאַרף עס זיין און פאַרטיק. אַ ברירה האָט מען געהאַט?

אין איינעם פון די שטילע טעג, אין אַ רואיקער מינוט, האָב איך זיך דערמאָנט אָן אַ בריוו, וואָס איז געקומען פון ישראל, אומגעפּער אַ וואָך פאַרן פאָרן, אַז אויף אונדזער שיף פאָרט איינע אַ 19־יאָריקע יידישע טאָכטער, חנה באַלאַן, און מען זאָל אַכטונג געבן אויף איר. זי איז אַ סאַברע, האָט שטודירט ערגעץ אין די שטאָטן און קערט זיך אום איצט אַהיים. חיים, אַ גרויסער בעל־רחמנות, ספּעציעל אויפן ווייבערשן מין (נאָר ניט אויף דער אייגענער ווייב), האָט דער ערשטער וואָלונטירט זיך צו דערבאַרעמען אויף איר. ער האָט געגלעט דעם פּליכל, געפּאַטשט זיך אין גראָבן בייכל, געשאַרפט זיינע פאַלשע ציינדלעך און זיך אַזוי פּאָסמאַ־קעווע וווי פון דער גרעסטער פּאַטראָנע. צו מיר און צו גאָלדען האָט ער זיך באַצויגן ווי אָן אַראָבער צו זיינע קעפּס־ווייבער — ביידע האָבן מיר אים באַדינט: איינע האָט געגרייט דעם טיש, אַ צווייטע האָט דערלאַנגט צום טיש. איינע — טיי, אַ צווייטע — צוקער און ער האָט זיך געלאָזט וואוילגיין. און טאָמער האָט זיך אַמאָל עפּעס פאַרצויגן מיטן עסן, אָדער חלילה, עפּעס האָט זיך ניט איינגעגעבן, ווי עס טרעפט אַמאָל אין דער באַלעבאַטישקייט, האָט ער אונדז באַלד געסטראַשעט מיט דער 19־יאָריקער, מיט דער חנה באַלאַן. ער וועט אונדז אויף דער שיף גאָרניט וועלן קענען. ער וועט שוין האָבן אַ בעסערע געזעלשאַפט.

איך בין שטאַרק געווען אַ בעלן צו וויסן, וואָס פאַר אַ מין סורפּריז דאָס איז. כאָטש איר צימער איז געווען ניט ווייט פון אונדזערן, האָבן מיר זי בשום אופן ניט געקענט געפינען דאָרטן. נאָך לאַנגע זוכענישן, וואָס האָט גענומען אַ פּאָר טעג, האָבן מיר זיך ענדלעך אָנגעשטויסן אין

עס־צימער אָן אַ בריליאַנט, שיין מיידל, וואָס איז געזעסן אַזוי שטיל פֿאַרבענקט, כמעט ווי אָפּגעזונדערט. ביז מיר האָבן זי באַמערקט, האָבן מיר שוין פֿון פֿריער אויסגעפֿרעגט ביי אַ טוצן שיינע סאַברעס, אָבער אַלץ ניט די ריכטיקע. בקיצור, דאָס איז זי: אַ שיינע, אַ שלאַנקע, אַ שוואַרץ־חנעוודיקע — אַן אמתע יידישע טאָכטער. אָבער עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז מען דאַרף בכלל אויף איר ניט אַכטונג געבן. זי קען זיך איר שטעטל אַליין באַשטיין! שטענדיק אַרומגערינגלט מיט יונגעלייט פֿון אַלערליי ראַנגען, שטענדיק די ערשטע אין טאַנץ־זאַל, ניט דורכלאָזנדיק קיין איין טאַנץ, און אַז חיים האָט דאָס דערזען, איז ער געבליבן זיצן מיט אַ לאַנגער נאָז און נאָך אַ לענגערער צונג. איך האָב ניט געקענט צוזען דעם גרויסן צער פֿון אים און געפּרואוווט זוכן אַ טרייסט פֿאַר אים. האָב איך פֿאָצאַפּעט איינע אַ רויטע מויד, אַ פּליישיקע, זי וואָלט געווען אַפילו גוט אויף טרפֿות און זי פֿאָרגעשטעלט פֿאַר אים. זי האָט גראָד געוואָלט, אָבער ער האָט זיך ניט געלאָזט טרייסטן. און ווי זאָגט זיך אין מגילת אסתר: (עס איז דאָך ערב פּורים טאַקע) והעיר שושן נבוכה...

# יידן פון אַ גאַנץ יאָר

אַזעלכע יידעלעך, אחינו בני ישראל, טרעפֿט מען אומעטום, וואו מען זאָל זיך ניט קערן און ווענדן. זיי וואַקסן אויס ווי שוואָמען נאָך אַ רעגן. אומעטום רוקן זיי זיך אַריין אומגעבעטענערהייט און אָן פֿאָרשטעלן זיך פֿאַר אייך, וויקלען זיי פֿונאַנדער זייער גייסטיקן באַגאַזש מכלומרשט ווי מען האָט געפּאָקט און געמאָזלט, ווי מען איז געקראָכן ווי די מלאכים אויפֿן לייטער אין יעקבס חלום, אַרויף און אַראָפּ, שיעור ניט געניזקט געוואָרן. זיך אַרויפֿגעאַרבעט, גאָט צו דאַנקען, קינדער דערצויגן צו גאָט און צו לייט, און איצט אויף די מיטעלע יאָרן (זיי ווילן ניט זאָגן: אויף די עלטערע) פֿאָרט מען אָנקוקן די יידישע מדינה, זען וואָס אונדזערע ברידער־יידעלעך האָבן אויפֿגעטאָן, און אויב ס'וועט געפֿעלן, אפֿשר זיך באַזעצן אויך. פֿאַרוואָס ניט? אַ ביסל מזומן איז דאָ, פּענסיע איז אויך דאָ, די קינדער ב"ה פֿאַרזאָרגט, איז כדאי איצטער זיך זעצן אונטערן פֿייגנבוים און זיך אָפּרוען נאָך אַזוי פֿיל יאָרן פֿון פּראַצע. זיי פֿרעגן אייך ניט צי איר ווילט הערן, צי ניט. זיי זעצן זיך צו ביי אייך צופֿוסנס אויפֿן ברעג פֿון ליג־שטול, ווען איר ליגט אויסגעצויגן בהרחבה און ווילט געניסן אַ ביסל לופֿט און רו, אָדער גאָר כאַפּן אַ דרימל.

אַזאַ איינער, פֿון מעקסיקע, אַן עוג מלך הבשן, האָט זיך איינמאָל צו מיר צוגעזעצט און אַזוי פֿיל געגרילצט און געגרעגערט מיט אַזוי פֿיל נסים און גוזמאות, אַזש ס'איז ביי מיר געוואָרן אַ ספֿק אים אַלץ צו גלויבן. דער קאָפּ האָט זיך מיר פֿאַרדרייט, ניט פֿון ים, נאָר פֿון זיין באַטירלעכן באַסאָווען מיקראָפֿאָן און כ'האָב אים איבערגעלאָזט די גאַנצע שטול מיינע, זאָל ער זיך אויסציען ווי לאַנג ער איז, אַ סוף אַן עק, און בין אַוועק זוכן אַ מקום מנוחה ערגעץ אַנדערש.

אַריינגעפֿאַלן בין איך נאָך אין אַ גרעסערן גיהנום ווי פֿריער. אין דעם נגב־באַר איז דער רויך געווען אַזוי געדיכט, אַז מען האָט געקענט אים שניידן מיט אַ מעסער. אַרום די טישלעך זיינען געזעסן אַ כאָפּטע גריכן און געשפּילט קאָרטן. נאָך העכער פֿון זייערע געוואַלדן האָבן געשריען זייערע ראַדיאָס און פֿאָנאָגראַפֿן, נאָר טויב צו ווערן. טאָמער האָט עמיצער געבעטן אַ ביסעלע שטילער, האָבן זיי אים געהערט ווי דעם קאָטער. איין האָפֿענונג האָבן מיר געהאַט, אַז באַלד, באַלד, נאָך אַ

טאָג, וועלן מיר פון זיי פּטור ווערן. כאָטש איין טאָג פֿאַרן קומען וועלן מיר זיך קענען באַפרייען פון די טומלדיקע קאָשמאַרן. אויף אונדזער אומגליק, צוליב די שטורעמדיקע טעג, האָט זיך די שיף פֿאַרשפּעטיקט פֿאַר זיי אויך אויף אַ טאָג און מיר האָבן נאָך געמוזט ליידן און שווייגן.

איך האָב זיך צוגעזעצט צו אַ גרופּע אַלטיטשקע פרויען. איינע פון זיי האָט מיר שוין לאַנג דערציילט איר טרויעריק קאַפּיטל לעבנס־געשיכטע. איצט פֿאָרט זי זיך באַזעצן אין ישראל. זיצן זיי, די אַלטיטשקע, און טרייבן זייער ווייבערשע פּאָליטיק אויף זייער אייגענעם שטייגער, דערציילן זיך די נסים פון לאַנד, וואָס זיי האָבן געהערט און איצט וועלן זיי עס זען מיט זייערע אייגענע אויגן. רופט זיך אָפּ איינע:

— איר ווייסט גאָרניט וואָס פֿאַר אַ דרך־ארץ האָבן איצטער אַלע פֿאַרן ייד, אַ דאַנק דעם וואָס מיר האָבן אַן אייגענע יידישע מדינה. מיר האָבן זיי געוויזן ווי מיר קענען זיך אַליין אַן עצה־געבן! זאָלן זיי נאָר ניט מיינען, אַז מיר קענען בלויז קוועטשן די באַנק, מיר קענען זיי געבן אַ קלאַפּ אויך, ווען מען דאַרף!

— אוודאי — זאָגט אַ צווייטע — ווען רוזוועלט וואָלט לאַנג איינגעזעצן, ווען ער האָט נאָך געלעבט, און געלאָזט כאָטש אָפּראַטעווען די יידן פון היטלערס הענט, וואָלטן אַ סך מער יידן געווען איצט אין ישראל אויך, ניט נאָר אין אַמעריקע!

אַ דריטע, מיט מאַמעשע אויסגעווייִנטע אויגן, האָט פֿאַרלייגט דאָס קעפּל אויף אַ זייט ווי צום חלשן און אַ זאָג געטאָן מיט אַ שוואַך קול:

— ס'איז גוט צו קומען אין דיין אייגן לאַנד, ווי צו דיין מאַמען און קענען לאָזן אַ טרער...

אוי ווייבער, ווייבער! נאָר ווייִנען ווילט זיך זיי!

ביי אונדזער טיש איז געזעסן אַ פֿאָרל מיטל־יאָריקע. ער האָט אויסגעקוקט ווי אַ בלאָנדער רוס, מיט בלויע אויגן און גאָרניט קיין יידישע נאָז. זי — אַן אָסאָבע, וואָס מע האָט געקענט מאַכן דריי גאָלדעס פון איר, אויב ניט גאַנצע פיר. און אַזוי ווי „פּאַני" און „פּשעפּראַשאַם" איז ביי איר כסדר אַרויס פון איר געשנורעוועטן מיילכל, האָט מען ניט אַנדערש געקענט מיינען, אַז זיי זיינען להבדיל גוים. אָבער ביסלעכווייז האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער, מיאָטעק, ווי זי האָט אים גערופן, איז ויקרא שמו בישראל — משה, און אַז די פּוילישע דריפּקע איז אַ יענטע אין זיבן שלייערן, וואָס האַלט אין האַקן אַ שלעכטן פּויליש דעמאָלט, ווען זי ווערט

אין כעס און ווען עס גייט איר ניט ווי זי שטעלט זיך פֿאָר. און אין כעס איז זי שטענדיק: דאָ אויפֿן קעלנער, פֿאַרוואָס ער ברענגט ניט געגנוג זויערע אוגערקעס, כאָטש זי טאָר זיי ניט עסן; פֿאַרוואָס דאָס עסן איז בכלל שלעכט; פֿאַרוואָס דער מאַן נעמט זי ניט טאַנצן, כאָטש ער קען ניט, אָבער זי וויל דאָך. אָט דער שטילער, בלאָנדער מיאָטעק מיט די בלויע אויגן, האָט אויסצושטיין געברענטע צרות פֿון זיין אָפּגע־פֿאָרענער פּריצטע. זי קריכט צו אַלע יונגע לייט, חנדלט זיך צו זיי מיט איר גוידערל, וויצלט זיך מיט זיי אויף אַ גראָבן שטייגער און דרייט זיך אויף אירע היפּש גראָבע פּיסלעך, ווי מעי וועסט. עס איז אים דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז ער האָט אַמאָל אָפּגעזוכט גאָלדען אין אַ ווינקל (פֿאַרוואָס עפּעס גאָלדען, וויס איך ניט) און אויסגעגאָסן פֿאַר איר זיין גאַנץ ביטער האַרץ פֿון א׳ ביז ת׳ אין פֿאָרזעצונגען, ווייל יעדעס מאָל, ווען ער איז צוגעקומען צו די סאַמע געדיכטע, פֿלעגט ער זיך צעוויינען ווי אַ קליין קינד און אַוועקלויפֿן זיך ערגעץ באַרויִקן. נאָר אין גאָלדע וויס די גרויסע טראַגעדיע פֿון מיאָטעקן. פֿון אויבן־אויף האָט עס אויסגעזען ווי דער רויִקער אויבערפֿלאַך פֿון ים פֿאַר אַ בייזן שטורעם.

אויפֿן דעק פֿון שיף האָב איך זיך אָנגעשטויסן אָן „גרעטאַ גאַרבאָ״. גלייך נאָך פּרישטיק, נאָך מיטאָג און אָוונטברויט, האָט מען זי געקענט זען פֿאַטשנדיק אויפֿן דעק, אַזוי ווי אַ באַטשאַן. אויב עפּעס וואָלט איר געשטאַנען אין וועג, ווער ווייסט וואָס פֿאַר אַ מכשול, וואָלט זי עס אויך בייגעקומען און געפּאַטשט ווייטער, ווי אַ טאַנק. אויב די שיף איז געווען רויִק, האָט זי זיך זיכער געוואַקלט, ווען זי האָט געטופּעט מיט אירע לאַנגע האַמעטנע פּיס. זי אַליין איז אויך געווען אַ הויכע, אַ לאַנגע, מיט אַן אַסקעטיש לאַנג פּנים און אַ פּאָר גרויע, מוטנע אויגן. אָנגעטאָן שטענדיק אין אַ ברייטן גרויען רייזע־מאַנטל, מיט אַ געל היטעלע מיט אַ דאַשיק און אַ קוטאַסל אין דער הייך. אַזאַ פֿאַרשוין ווי זי — ווי קומט זי צו גרעטאַ גאַרבאָ? בלויז די סודותדיקייט אַרום איר. עפּעס אַ מין געהיימניש איז געלעגן אין איר אַרט פֿירן זיך. זי איז שטענדיק געווען אַליין. אַליין אויפֿן דעק, אַליין אין עס־צימער, אָפּגעזונדערט ביי אַ טישל, אַליין אין די זאַלן — אומעטום אַליין. נאָך איר האַסטיקן שפּאַנען איבערן דעק האָט מען געקענט מיינען, ווער ווייסט וואָס זי האָט פֿאַרשפּעטיקט. ביז איינמאָל אַ פֿרימאָרגן, איז מיר נתגלה געוואָרן דער סוד: כמעט יעדן פֿרימאָרגן צו פֿרישטיק פֿלעג איך מוזן זוכן עמיצן צו גיין מיט מיר אין עס־צימער. גאָלדע פֿוילט זיך, זי שלאָפֿט אַ ביסל שפּעטער, אָדער זי האָט נאָך ניט קיין אַפּעטיט. דער פֿעטער חיים פֿלעגט עסן מיטן ערשטן מנין. ער פֿלעגט אַריינפֿאַלן אין אונדזער צימער מיט

אַזאַ בהלה, אַז מיר האָבן געמיינט, ווער ווייסט וואָס מיר האָבן שוין פאַרשפּעטיקט:

— קומט — פּלעגט ער שרייען — נאַראָנים, וואָס ליגט איר אויף די גזשענדעס. איך האָב שוין אַריינגעקנייטשט אפשר אַ טוצן בולקעלעך!

איז מיר שוין ניט געבליבן קיין אַנדער ברירה, ווי גיין אַליין עסן און דאָ האָב איך געטראָפן מיין „גרעטאַ" ביי דער אכילה: זי האָט געריבן ווי אַ קאָזאַק, און דערפאַר טאַקע, נאָך אַזאַ אכילה, האָט זי געמאַכט אירע איבונגען — געפּאַטשט אויפן דעק.

# דריי אלמנות — דריי כלות

דריי זיינען זיי געווען: איינע אַריבער די זיבעציק, די צווייטע אַרום זיבעציק, און די דריטע אין די שפּעטע זעכציקער. איינע פיר חדשים אַן אלמנה, די צווייטע פינף חדשים און די דריטע, די ייִנגערע, פיר יאָר. אַלע דריי האָבן זיך געטראָפן דאָ אויף דער שיף און זיך געהאַלטן צוזאַמען במשך פון דער לאַנגער רייזע. צוזאַמען געגאַנגען עסן, געשפּילט קאָרטן, געלעגן אויפן דעק. אַלע דריי פאָרן זיך טרייסטן נאָך זייער גרויסן פאַרלוסט און ווער ווייס, אפשר געפינען עפּעס אָדער עמיצן. צוויי פון די כלות, די וואָס אַריבער זיבעציק און אַרום זיבעציק, האָבן געוואוינט מיט מיר און גאָלדען אין איין צימער. ביידע זיינען געשלאָפן אין די אונטערשטע בעטלעך: די ייִנגערע אונטער גאָלדעס בעטל און די עלטערע אונטער מיינעם. איך מיט גאָלדען האָבן זיך אַזוי איינגעאיבט אין קריכן אויף דעם לייטערל צו אונדזערע בעטלעך, אַז מיר וואָלטן אָן ספק געקענט זיין גוטע פייערלעשער.

די צוויי כלות האָבן געהאַלטן אין איין קרעכצן און זיפצן אויף זייער ביטער מזל. עס איז זיי ניט געפעלן געווען די אָרדענונג אויף דער שיף בכלל און אין צימער בפרט. קיין זאַך איז זיי ניט געווען צו דער האַנט. דריי מאָל אַ טאָג האָבן זיי זיך איבערגעטאָן, צו יעדן מאָלצייט באַזונדער. אומגעפער אַ שעה צייט האָט זיי גענומען „צו מאַכן" דאָס פּנים. וואָס הייסט „מאַכן אַ פּנים"? צוערשט האָבן זיי איינגעשמירט דעם פּרצוף מיט אַזאַ קרעם און געפּאַטשט מיט דער דלאָניע אונטער דער גאָמבע בערך אַ פערטל שעה. איך בין געלעגן אויפן אויבערשטן בעטל און זיך גוט צוגעקוקט צו דעם ספּעקטאַקל. עס האָט זיך מיר נאָר געגלוסט צו לאַכן. גוט אָנגעפּאַטשט זיך אונטער דער גאָמבע, האָבן זיי גענומען זיך מינטערן מיט אַזאַ שמעקעדיק וואַסערל, נאָר אָנשטאָט פּאַטשן, האָט מען שוין דאָס פּנים געגלעט און געלאָשטשעט, אַזוי ווי מען וויל איינגעמען אַ וויינענדיק קינד. נאָכדעם האָבן זיי מיט אַ בערשטעלע געקעמט די וויעס אויף אַרויף און דערביי געדרייט און געגלאָצט מיט די אויגן, ווי לְהַבדיל אַ בהמה פאַר דער שחיטה. אויף די אויגן־דעקלעך האָבן זיי אַרויפגעטאָן אַזאַ גרינלעך־בלויען קאָליר, פּונקט אַזאַ קאָליר וואָס מע קריגט אין אַ טאָג אַרום נאָך אַ שטאַרקן קלאַפּ. צולעצט האָט מען „געמאַכט" די ברעמען און די מינעס און העויות זיינען געווען אַזוי

קאָמיש, אַזש מען האָט געקענט פּלאַצן פון געלעכטער. אָבער דאָס פּנים איז נאָך אַלץ ניט פאַרטיק. לסוף האָבן זיי אַרויפגעטאָן אַזאַ געדיכטע ברוינלעכע פליסיקייט, וואָס האָט זיי געמאַכט אויסקוקן ווי ווילדע אינדיאַנער. „אָפּגעמאַכט דאָס פּנים", איז שוין דאָס איבעריקע אַוועק ווי אַ מזמור. די אַלמנהלע פון אונטער גאָלדעס בעט איז געווען ניט קיין מיאוסע, מע קען זאָגן אַ שיינהייט. ווען ניט איר לויזער אַראָפּהענגנדיקער גוידער, וואָלט זי געווען אַ צווייטע לאַנאַ טוירנער.

די צווייטע, די עלטערע, וואָס אונטער מיין בעטל, איז געווען זייער צעטראָגן. זי האָט דויטש געשפּראָכן. די האַרע איז ביי איינען געווען שיטערלעך, אונד דאָס האָט צופיל צייט גענאָמען ביים פאַרקעמען. די פיגור ביי איר איז אויך געווען אַ ביסל דאָסיק, צעיוירן, ווי אַן איבערגעיוירענע חלה. זי האָט אויף דעם מאַגען געליטען און האָט געפירט אַ היפשן באַגאַזש פון קעסטלעך מיט דעם זאַ־געגאַנטן פלאַומען־זאַפט. איין קאַסטן איז ביי איר געשטאַנען אונטערן בעט און יעדן פרימאָרגן האָט זי אונדז אַלעמען אויפגעוועקט מיטן קלימפּערן פון די פושקעס. מיטן עפענער און ביז זי האָט געעפנט אַ פושקע, האָט מען שוין געקענט אָפּקאָכן אַ מאָלצייט פון זיבן געריכטן. דערביי פלעגט זי רעדן צו זיך אַליין:

— איך האַבע זאָ עטוואָס נימאַלס געהערט האַבע! איך מעכטע נימאַלס געפאַרען מיט איינע שיפע, זאָנסט געפליאָגגן. דאָס האַבען מיך מיינע באַקאַנטע פאַרשפּראָכען זאָ פיל פאַרגעניגען!

נאָך דעם ווי זיי, די כלות, האָבן זיך שוין אויסגעשלייערט און אַרויס, האָב איך ערשט מיט גאָלדען געקענט אַראָפּקריכן פון די גזשענדעס צו מאַכן אונדזערע טואַלעטן.

די דריטע אלמנה איז גראָד געווען מיינע אַ בת־עיר. צופעליק האָט זי אויפגעכאַפּט מיין היימיש ליטוויש לשון און באַלד דערקענט פונוואַנען איך קום. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז איך בין מיט אירער אַ יינגערער שוועסטער געגאַנגען אין איין קלאַס. זי האָט מיך פאַרנודיעט, ניט אָפּגעלאָזט און באַלד מיר אויסדערציילט איר גאַנצע ביאָגראַפיע, ווי אַזוי זי איז געפאָרן קיין אַמעריקע, ווי זי האָט באַגעגנט איר מאַן, חתונה געהאַט, קינדער געהאַט און זיי חתונה געמאַכט, און נאַכער ווי די אייניקלעך זיינען געקומען. נאָך דער געשיכטע, ווי אַזוי זי האָט פאַרלוירן דעם מאַן, האָב איך שוין מער ניט געקענט אויסהאַלטן און געמוזט גיין נעמען פילן צו קאָפּ־ווייטיק.

# קאָרטן־שפּיל

„והחזיקו שבע נשים באיש אחד: שמלה לך, קצין תהיה עלינו!״. אויף פּראָסט יידיש: האָסט געלט, קום שפּיל פּאָקער מיט אונדז! אַזוי האָבן אָנגעכאַפּט זיבן ווייבער אַ מאַן און זיך אָוועקגעזעצט שפּילן קאָרטן אין דער נגב־באַר. שווער געוועזן צו וויסן, צי דער מאַן האָט זיך צוגעזעצט מיט זיין גוטן ווילן, צי די ווייבער האָבן אים געקידנעפּט. נאָך איידער ער האָט באַוויזן זיך אַרומצוקוקן, איז ער שוין געווען ווייט אַריינגעצויגן אין דער שפּיל. פּערצן ווייבערשע אויסגע־כאָליעטע הענטלעך, מיט פּאָלירטע נעגל, האָבן געטאַשט שנעל, שנעל די קאָרטן, אַזש ס׳האָט געשווינדלט פאַר די אויגן. אַכט פּאָר אויגן קוקן אַריין אין די קאָרטן — קנייטשן, דרייען, כאַפּן אַרויס אַ קאָרט, האָבן חרטה און לייגן עס צוריק, ביז ענדלעך עמיץ וואַרפט אַרויס אַ קאָרט און אַ זאָג: 15 סענט! אַ ציטער נעמט אַרום. די שפּאַנונג דערגרייכט דעם העכסטן פּונקט, אַ שטימונג ווי פאַר נעילה. איז די תפילה אָנגענומען געוואָרן, אָדער ניט? איין פראַגע עגבערט אַלעמענס קעפּ: ווער האָט די גליקלעכע, מזלדיקע קאָרט?

מיט אַמאָל וואַרפט עמיץ אַרויס דריי אייסעס. אַלע האַלטן איין דעם אָטעם. מען פאַרבייסט די ליפּן פון קנאה און פּונקט דאַן, ווען דער געווינער האָט געדאַרפט צונויפזאַמלען זיין געווינס, האָט זיך די שיף געגעבן אַ גרויסן וויג, דער גאַנצער טיש האָט זיך דערלאַנגט אַ בייג אויף אַ זייט און אַלע קופּקעס געלט האָבן זיך צונויפגעמישט אין איין גרויסער קופּע, און זיבן פּאָר ווייבערשע הענטלעך האָבן זיך אַ לאָז געטאָן נאָך דעם. וואָס איז געוואָרן מיטן מאַן? ער איז קוים ניצול געוואָרן פון די ווייבערשע מאַניקירטע נעגל...

# דער פּורים מאַסקן־באַל

הײַנט איז ערב פּורים. בײַנאַכט וועט מען דאָ מסתּמא לייענען די מגילה. עס איז דאָ אַ שול און פֿרומע ייִדן דאַוונען דאָ. כמעט אַלע מאָל פֿעלט זיי אויס אַ ייִד צו אַ מנין אויף דער ייִדישער שיף, שטייט מען ביי דעם דורכגאַנג און מען כאַפּט איינעם. חיימען האָט מען שוין אויך איינמאָל געכאַפּט. קיין הנאה האָט ער זיכער ניט געהאַט, והראיה, ער מיידט שוין אויס דאָ דורכצוגיין.

הײַנט בײַנאַכט וועט דאָ אויך זיין אַ פּורים מאַסקן־באַל. מען האָט מודיע געווען, אַז אָן אַ מאַסקע זאָל מען ניט דערוועגן צו קומען. איך ווייס גאָרניט וואָס איך זאָל טאָן, אַז אַלץ האָב איך שוין דאָ געטראָגן! מיר איז געבליבן בלויז איין פּאָר נייע, שיינע פּאַדזשאַמעס, וועל איך קויפן אַ מאַסקע אויפן פּנים און אַזוי וועל איך דערשיינען. דער סוף איז געווען, אַז כ׳האָב געקראָגן קאַלטע פּיס... ווען כ׳האָב דערזען די אַנדערע מאַסקעס, איז מיר פֿאַרגאַנגען דער אַפּעטיט צו מיינער.

עס האָבן זיך פֿאַרשטעלט צוויי מענער, איינער אַלס טיפּישער תּימנער רבי און דער צווייטער אַלס רביצין. די רביצין האָט אויסגעזען זייער גרויס און גראָב, מיט אַ גרויסן בוזים, פֿול מיט אָן אַ שיעור אָראַנזשן. דער קאָרסעט האָט אים, ווייזט אויס, געקוועטשט, ווייל ער האָט זיך געהאַלטן אין איין קראַצן און געסאָפּעט ווי אַ גאַנדז. אַ גרויס רחמנות געווען אויף אים צו קוקן. דערצו האָט ער געטראָגן אַ מודעה אויפן סאַמע פּראָנט: „לא שימוש" — אויסער אָרדענונג. ביידע מיט שירעמס, איין גאָט ווייס נאָך וואָס, האָבן זיי מאַרשירט צווישן פּובליקום און די געלעכטערס האָבן געשפּאָלטן דעם ים. יעדער איינער האָט זיי באַטאַפּט, ספּעציעל די רביצין, געגעבן עצות, צוגעפּראַוועט עפּעס אויף איר, ס׳האָט זיך געפֿילט דער אמתער פּורים. זיי האָבן טאַקע געוואונען דעם ערשטן פּריז און לסוף געטאַנצט אַ מצוה־טענצל, צוהאַלטנדיק אַ רויט טיכעלע מיטן גאַנצן קנאַק.

דעם צווייטן פּריז האָט געוואונען אַ פּאָרל, וואָס האָט זיך גאָר ניט געדאַרפֿט מאַסקירן. ער האָט צעבראָכן אַ האַנט אין די שטורעמדיקע טעג, ווען די שיף האָט זיך געוואָרפֿן, האָט זי אים אַרייַנגעזעצט אין אַ שטול אויף רעדלעך, זיך אַליין אָנגעטאָן אַ קאָסטיום פֿון אַ קראַנקן־

שוועסטער מיט אַ טשיפּיקל אויפן קאָפּ און אים אַריינגערוקט אַ טערמאָ־מעטער אין מויל אַריין.

אַלזאָ, דער באַל איז געווען אַ דערפאָלג, אָבער מכח דער אכילה איז אַלץ געווען אַ דורכפאַל. קיין אַרבעס מיט באָב איז ניט געווען, קיין סימן פון המן־טאַשן, קיין קרעפּלעך אַפילו אויך ניט. עס איז עפּעס יאָ אַרומגעשוואומען צעשאָסענע שטיקער טייג אין מוטנע וואַסער פון טעלער, וואָס האָט געזאָלט הייסן קרעפּלעך, אָבער אָן אַ יידישן טעם און ריח. קיין שלח־מנותן האָט מען זיך ניט געשיקט. פאַרקערט, וואָס מע האָט געקענט אַוועקנעמען פון יענעם, האָט מען דאָס געטאָן. גראָד דעם טאָג האָט איינע פאַרגעסן ערגעץ איר האַנט־בייטל און אַ מאָדנע זאַך: קיינער האָט עס ניט געפונען און אָפּגעבראַכט.

די מגילה האָט מען געלייענט ערגעץ אין אַ זאַל און צוגעקלאַפּט אויף די טישן מיט די אַש־טעצעלעך אָנשטאָט גראַגערס ביים דערמאָנען המנס נאָמען. שווער צו זאָגן, צי מע האָט זיך טאָקע מיט אים אַזוי אַרום אָפּגערעכנט. ערגעץ דאַכט זיך, זיצט ער פאַרשטעקט אין אַ ווינקל מיט אַ לאַנגער צונג...

# מאַדעיראָ

דערזען האָבן מיר דעם אינדזל פּרייטיק אַרום זעקס פאַרטאָג. צוערשט האָט זיך אויסגעדאַכט, ווי אַ ריזיקער וואָלקן וואָלט אַראָפּגעבּידערט אין ים זיך אָנצוטרינקען. ביסלעכווייז, ביסלעכווייז, האָט זיך אויסגעשיילט אַ מוראדיק ריזיקער באַרג און וואָס נעענטער מיר זיינען צוגעקומען, האָבן זיך אָנגעהויבן אַרויסשיילן בערג און גרינע טאָלן, ביימער און הייזער. מען האָט שוין אַפילו נאָכער געקענט אונטערשיידן מאָדערנע הייזער און הויכע קלויסטערס. גאַנצע שטעט און שטעטלעך זיינען געלעגן אויסגעשפּרייט און זיך געשמאָלצן אין דער זון אַזוי זאָרגלאָז. און איבער זיי — הויכע בערג, קוים מיטן אויג צו דערגרייכן, צוגעדעקט מיט דורכזיכטיקע וואָלקנס ווי טיולן. נאָך איידער מיר זיינען צוגעקומען צום ברעג, זיינען שוין קליינע שיפלעך צוגעקומען צו אונדז פון די אָרטיקע איינוואוינער. יונגע ייִנגלעך אין האַלבע באָד־קאָסטיומען האָבן אין האַלב ענגליש און פּאָרטוגעזיש געבעטן קליין־געלט. ס'האָט זיך אַ לאָז געטאָן אַ רעגן פון מטבעות אין ים אַריין און די ייִנגלעך, ווי אמתע געשיקטע טויכערס, זיינען אַריינגעשפּרונגען אין ים זיי כאַפּן און שמייכלענדיק נאָכער באַוויזן, אַז זיי האָבן עס.

וואָס האָט מען אַלץ ניט אָנגעגרייט פאַר אונדזערטוועגן? גאַנצע שיפלעך מיט סחורות פון פאַרשיידענע אויסאַרבעטונגען, אָנהייבנדיק פון פאַרשיידנפאַרביקע פּאָסט־קאַרטלעך, פאַרביקע טיכלעך, שטרויענע היט, ליאַלקעס און אָן אַ שיעור געשטריקטע האַנט־בייטלען. די האַנט־בייטלען אין רעשיקע פאַרבן און אַלערליי מוסטערן, האָבן געשריען העכער פון די סוחרים און געוועקט דעם אַפּעטיט ביי די ווייבער. יעדערער האָט אויסגעשריען זיין סחורה נאָר טויב צו ווערן און איבער זיי אַלעמען זיינען די מעוועס געפלויגן אין דער הייך מיט ווילדע קולות און געשרייען.

מען האָט אַראַנזשירט אַ טור פאַר אונדז איבער מאַדעיראָ אויף אַ האַלבן טאָג. מען וועט אונדז ווייזן די גאַנצע שטאָט און נאָך פירן אונדז אין די געשעפטן עפּעס קויפן. דער פעטער חיים גרייט זיך צו קויפן אַ סך ווייַן, עס גייט דאָך עפּעס צו פּסח! דער ווייַן דאָרט האָט אַ שם אין דער וועלט און איז אַזוינס־און־אַזעלכעס. און איך האָב געהערט, אַז האַנט־אַרבעט איז אויך דאָרט איינס אין דער וועלט.

ווי נאָר מיר זײַנען אַראָפּ פֿון דער שיף, איז אונדז גלײַך באַפֿאַלן אַ מבול פֿון סוחרים מיט אַלערליי סחורות, נאָר משוגע צו ווערן. מען האָט געמוזט גוט אונטערגאַרטלען דעם יצר־הרע כדי בײַצושטיין דעם נסיון. מיט פֿאַרמאַכטע אויגן האָבן מיר זיך אַוועקגעאײַלט צו אונדזערע אויטאָ־בוסן, וואָס האָבן שוין געוואַרט אויף אונדז און נאָך איידער מיר האָבן זיך אומגעקוקט, זײַנען מיר שוין געווען אויף אַ הייך פֿון 2,800 פֿוס. קוקנדיק פֿון דער שיף אויף דעם אינדזל, האָב איך זיך בכלל ניט געקענט פֿאָרשטעלן, ווי מע קען דערגרייכן אַזאַ הייך און מיט אַן אויטאָבוס דערצו. איך האָב געמיינט, אַז נאָר מיט אַן עראָפּלאַן בלויז. און אָט זיץ איך גאָר הויך, אַזש צו דערלאַנגען די וואָלקנס און קוק אַראָפּ אונטן אויף אויסער־געוויינלעך שיינע, קאָלירטע גערטנער פֿון בלומען, מיט מוסטערן ווי שיינע טעפּיכער. אָרום און אַרום בערג מיט וועלדער, סעדער פֿון צוקער־ביימער, הײַזלעך און מאָדערנע הײַזער. עס וואַרפֿט זיך דאָ דער גרויסער קאָנטראַסט פֿון אָרעם און רײַך. די רײַכע דאָ זײַנען מעכטיק, און דער אָרעמאַן איז דאָ דער אָרעמסטער אין דער וועלט. באָרוועסע ייִנגלעך לויפֿן נאָך דעם שנעל־לויפֿנדיקן אויטאָבוס, וואַרפֿן אַרײַן אַ בינטל בלומען און לויפֿן נאָך שנעלער צו כאַפּן דאָס קליינגעלט.

אין צענטער פֿון שטאָט האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט צו כאַפּן אַ ביסל מציאות. ווײַבער האָבן זיך אָנגעהויבן ראַיען ווי ווערים אַרום אַ פֿאַדלע, בײַ פֿאַרשיידענע אויסאַרבעטונגען פֿון העפּטערײַ און אַנדערע אַנטיקן. ווידער די זעלבע בײַטלען, ליאַלקעס, צאַצקעס. מען זוכט, מען נישטערט, מען דינגט זיך, און דער כלל איז, אַז אַלע כאַפּן, ווערט מען אַזוי אָנגע־שטעקט, אַז מען וויל כאַפּן אויך, צי מען דאַרף עס, צי ניט. עפּעס איינ־האַנדלען פֿאַר אַן אָנדענק. די מענער זײַנען געשטאַנען פֿונדערווײַטנס. עס האָט זיי ניט אינטערעסירט די גאַנצע ווײַבערשע מעשׂיות. האָבן זיי נאָך אַ קורצן ישוב־הדעת זיך אַראָפּגעלאָזט אין אַ ווײַן־קעלער איינהאַנדלען אַ ביסל משקה. עס איז מיר אויסגעקומען ווי בײַ שלום־עליכמען „ווײַן אויף פּסח”, נאָר אויף אַ גוייִשן שטייגער. מען האָט געגעבן צו פֿאַרזוכן פֿון אַלע מינים, וויפֿיל דו האָסט נאָר געוואָלט. דער עולם האָט זיך ניט געלאָזט לאַנג בעטן. מען האָט געזשלאָקעט, געפּאַטשט מיט די ליפּן, געקנאַקט מיט דער צונג און לסוף זיך אַרויסגעלאָזט מיט אַ קאָשיקל עטלעכע פֿלעשער ווײַן. אַרויסגייענדיק איז מען געווען בגילופֿין ביז גאָר און מיט אַ זמרל, גלאַט אַזוי זיך, געלאָזט זיך גיין איבער די גאַסן.

שיער ניט פֿאַרגעסן. אויף אַ הויכן באַרג אַרויף, וואָס האָט געפֿירט אַ שפּיציק שטיינערנער ברוק, האָבן מיר באַזוכט אַן אַלטע קירכע, געבויט אין 1415. די קירכע איז שיין, מיט אָריגינעלע אויל־בילדער, מיט נר־תּמידס און מאַכט אַ פֿײַנעם איינדרוק. פּילסט די הייליקייט אַליין. עס

דאַכט זיך דיר, אַז באַלד וועסטו דערהערן אַ קול: „של נעליך מעל רגליך, כי קדוש המקום הזה". איך האָב זיך פּאַרקוקט אויף אַ פּאָר זילבערנע לייכטער, פּונקט ווי מיין מאַמעס, ווי צוויי טראָפּן וואַסער און איך בין אין מיינע געדאַנקען אַוועקגעטראָגן געוואָרן אַזוי ווייט, אַזוי ווייט...

אַ ווינטערדיקער פרייטיק צו נאַכט אין מיין קליין שטעטעלע. די פּאָדלאָגעס, געלע, געוואַשענע, לייכטן ווי דער טיש אַליין און טיילווייז פאַרדעקט מיט טרעטערס.ביים טיר אַ זאַלץ־זאַק אויף אָפּרייבן די שטיוול פון שניי. דער טיש צוגעדעקט מיט אַ ווייסן טישטוך און די לייכטער, די־אָ זילבערנע לייכטער, שטייען מיט נאָך ניט קיין אָנגעצונדענע ליכט. זיי פינקלען אַנטקעגן דער פאַרגייענדיקער זון און איך האָב ליב זיך שפּיגלען אין זיי און מאַכן אַלערליי גרימאַסן און מינעס. און די לייכטער גיבן איבער מיינע גרימאַסן נאָך קאָמישער, מיין אַרויסגעשטעקטע צונג ווערט נאָך לענגער, איין אויג גרעסער, איינס אינגאַנצן פאַרמאַכט. דורך די דאָפּלטע פענצטער, באַלייגט מיט וואַטע און באַשטעקט מיט בײנטלעך רויטע ראַביניעס, שיינט אַריין די פאַרגייענדיקע זון. אַ רויטע, אַ גרויסע, שטייט זי איבערן טייך אַנטקעגן און וואַרט. וואָס וואַרט זי? און אָט איילט אַריין די מאַמע פון קיך, אַ פאַרפלאַמטע פון אויוון, נאָר וואָס דעם טשאָלנט פאַררוקט, פאַרשמירט די זאַסלינקע. מיט אַ פרישן, ריין שבת־טיכל אויפן קאָפּ מאַכט זי צורעכט די ליכט, גיט אַ לעצטן קוק אויפן דרויסן און הייבט אָן צו צינדן. דאָס פּנים ערנסט, אָבער מילד, די אויגן פייכט און נאָך איידער זי הייבט אויף די הענט אַרומצופירן אַרום די ליכט, פאַלן שוין אַראָפּ די ערשטע טרערן. באַלד פאַרדעקט זי דאָס פּנים און די אַקסלען הייבן אָן צו צוקן. אַ שטילקייט ליגט אויסגעגאָסן אין אַלע ווינקלען, אַ הייליקע רו נידערט אַראָפּ און הילט אַלץ איין. די מאַמע שטייט נאָך אַלץ, שעפּטשעט שטילערהייט און וויינט. ענדלעך נעמט זי אַראָפּ די הענט פון פּנים און אַ רואיקע, געלייטערטע, זאָגט זי שטיל: גוט שבת!

אַ קלאַפּ אין דער פלייצע האָט איבערגעריסן מיין זיסן חלום פון מיינע קינדער־יאָרן. די צייט שטייט ניט. מען לאָזט דיך דאָ לאַנג ניט טראַכטן. מען דאַרף שוין פאָרן אַהיים, צו דער שיף. דאָרט שטייט זי און וואַרט, די פּאָן פלאַטערט שטאָלץ אין דער הויך און רופט: קומט, קינדערלעך, אַהער, אַהער... די זיכערקייט, ווען דו האָסט דערפילט דעם באָדן אונטער די פיס, נאָך אַ וואָך צווישן הימל און ים, רינט אויס און דו פליסט שוין באַרג־אַראָפּ אין שאול תחתיה אַריין...

פרייטיק־צו־נאַכט, צו דער הייליקער שבתדיקער וועטשערע, האָבן אַלע דערקענט די נייע בלוזע מיינע, וואָס כ'האָב איינגעהאַנדלט אין

מאַדעירא. מען איז מיך באַפאַלן ווי בינען האָניק און הגם זיי האָבן געוואוסט דעם פּרייז און אַליין געקויפט גענוג שמאָכטעס, האָט זיי נאָך פאַרדראָסן, וואָס גראָד דאָס האָבן זיי אויסגעלאָזן. איי, ווייבער, ווייבער! וואָס פאַר אַ מינים באַשעפענישן איר זענט!

אַ שיכורע פון קידוש־ווײַן און נאָך מער שיכור פון מײַן גרויסן זיג אין מאַדעירא, האָב איך זיך געלייגט שלאָפן.

צומאָרגנס האָט געזאָלט זײַן אַ גרויסער טאָג, ניט אַזאַ גרויסער טאָג, ווי אַ גרויסע נאַכט: די שיף דאַרף דורכגיין דעם גיבראַלטאַר. דאָס דאַרף געשען אומגעפער צווײ פאַרטאָג. ווי איז מען אויף אַזוי שפּעט? דערווײַל זײַנען מיר אַוועק אין די מואוויס פטרן צייט. נאָך אַ שעה איבעררוקן דעם זייגער פאָראויס, זײַנען מיר אָנגעקומען אין דער ריכטי־קער צייט.

עס האָט זיך אַנטפּלעקט פאַר אונדז אַ פאַרכשופטער שלאָס מיט אַלערליי ליכטער און פאַרשיידענע פאַרבן, וואָס האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט ווייט אַוועק אין ים. די ליכטער האָבן געפינקלט, געמאַניעט, געלאָקט און גערופן צו זיך. דאָס וואַסער איז געווען רואיק, שפּיגלדיק און געלאַשטשעט. עס האָט זיך געגלוסט אַרײַנצושפּרינגען אין די לייכט־ווינגדיקע אָרעמס פון ים און אַוועקגעטראָגן ווערן אין אין־סוף אַריין...

אויך דאָ זײַנען צוגעשוואומען שיפלעך מיט פאַרשיידענע סחורות און אויף האַלב־ענגליש אויסגערופן זייערע מציאות: רויטע טיכלעך, פּעכערס און נאָך שמאָנצעס. ווייבער אין פאַדזשאַמעס אונטער מאַנטלען און סוועטערס, האָבן ניט געקענט בײַשטיין דעם נסיון. עס איז זיי נאָך קנאַפּ געווען מאַדעירא. ווי מען ווײַזט אַן אָקס אַ רויטן טוך, אַזוי האָבן זיי זיך אַ לאָז געטאָן נאָך דעם. צומאָרגנס האָבן זיי געמוזט צוגעבן, אַז אַפילו ביי „מייסיס" וואָלטן זיי דאָס געקראָגן פאַר אַ האַלבן פּרייז.

# פּירעאוס, אַקראָפּאָליס, אַטען

אייגנטלעך איז דאָס איין שטאָט. פּירעאוס איז דער פּאָרט, אַקראָפּאָליס איז די אַלט־שטאָט אין דער הייך, וואָס ליגט אין די רואינען פון מיטלאַלטער, און אַטען — די שטאָט אַלס גאַנצע, די איצטיקע מאָדערנע שטאָט פון גריכנלאַנד.

געדאַרפט האָבן מיר אָנקומען אין פּירעאוס מיט אַ טאָג פריער, אָבער צוליב די גרויסע שטורעמס האָט זיך די שיף פאַרשפּעטיקט און מיר זיינען געבליבן שטעקן ביינאַכט אויפן ים, ביי די ברעגן פון פּירעאוס. די שטאָט האָט אונדז גערופן פון דער ווייטנס מיט אירע פאַרביקע פייערן און נעאָן־שילדן, גערופן צו זיך אַזוי סודותדיק, פאַרשייט. אָבער ביינאַכט לאָזט מען ניט אַראָפּ, מיר מוזן וואַרטן ביז מאָרגן פרי. מיר האָבן זיכער געמיינט, אַז די נאַכט וועלן מיר האָבן גענוג רו און שלאָף. די שיף שטייט רואיק, געאַנקערט. אָבער עס איז קיינמאָל ניט ווי מען חשבונט. די גריכן זיינען געוואָרן צעפּוזשעט, פאַרלוירן, שטייען פאַר זייער אייגן לאַנד און קענען ניט אַריינגיין. כאָטש נעם און וואַרף זיך אין ים אַריין און שווים צו צום ברעג. דער באַגאַזש שוין איינגעפּאַקט. אָן אַ שיעור פּעק מיט פּעקלעך ליגן אין די קאָרידאָרן, אַפילו קינדער־וועגעלעך, שטייגעלעך מיט פייגעלעך און אָן אַ שיעור בייטלען פון מאַדעיראַ אין אַלערליי קאָלירן. אַלץ איז גרייט, פיקס און פאַרטיק. זיי לויפן, די גריכן פון איין דעק אויפן צווייטן, שרייען, הילכן, טומלען. קינדער וויינען, קוויטשען, לאַכן. מע שטויסט זיך אָן איינער אין צווייטן און מע לויפט ווייטער. אָט לויפט איינע מיט צוויי פּיצלעך קינדער. דער מאַן האָט זיי געשיקט צו זיינע עלטערן. זיי קענען נאָך ניט די שנור און ניט די אייניקלעך. זי איז באמת צעטראָגן: זי האָט מורא, אַז זי וועט ניט מאַכן דעם געהעריקן איינדרוק אויף זיי. די האָר אירע זיינען צעפּאַטלט און צעפלאָסן ווי ביי אַ מכשפה, די שוואַרצע אויגן ברענען, דער בויך איז איר אויפגעלאָפן און קיילעכדיק ווי אַן אויפגעגאַנגענער ברויט אין אַ דייזשע. לויפנדיק נאָך די קינדער, פאַרלירט זי די זאָקן, און אויב זי איז נאָך ניט געפאַלן, איז אַ נס מן השמים. מיר האָבן אַ גאַנצע נאַכט ניט צוגעטאָן מיט קיין אויג פון זייער טומל און האַרמידער. קוים דערלעבט צומאָרגנס, נאָך אַ פריען פרישטיק ווי שטענדיק, האָט מען ברייט געעפנט פאַר אונדז די טירן און

געהייסן גיין. צוערשט די גריכן, פאַרשטייט זיך, און נאָכער מיר. ווידער אַ טור מיט באָסעס, די געוויינלעכע פּראָצעדור, ווידער אַ מבול פון אַלערליי מציאות, פאַרשיידענע אויסאַרבעטונגען, סואווענירס. דער עולם כאַפּט שוין ניט אַזוי גיך, אָנגעלערנט זיך פון מאַדעיראַ, וואַרט מען אויף שפּעטער, ווען עס וועט ווערן נאָך ביליקער. דערווייל „פליען" מיר שוין מיט די אויטאָבוסן אין דער הייך, אין אַקראָפּאָליס. אונדזער פירער, אַ סימפּאַטישער יונגערמאַן, דערקלערט אונדז אַלץ אין אַ פיינעם ענגליש. ווען מיר זיינען צוגעקומען צו די אמתע רואינען און היסטאָרישע אויסגראָבונגען, זיינען מיר געבליבן געפּלעפט. דאָ האָבן מיר שוין געמוזט קלעטערן צופוס. דו גייסט און גייסט אויף שטיינערנע טרעפּ אַלץ העכער און העכער. עס דאַכט זיך דיר, אַז דו האָסט שוין דערגרייכט צו דער געהעריקער הייך און ווילסט זיך אַרומקוקן צו זען, וואו דו האַלטסט אין דער וועלט, אָבער ניין, דאַרפסט גיין העכער און העכער, אויב ניט נאָך העכער.

איך טראָג זיך אַוועק אויף די פליגלען פון מיין פאַנטאַזיע, ווען איך בין נאָך אויף דער שול־באַנק געזעסן און געלערנט די גריכישע מיטאָלאָגיע. אָט טרעט איך אויף די רואינען. יעדעס זאַמדעלע, יעדעס שטיינדעלע דערציילט מיר אָן אַ שיעור מעשיות און לעגענדעס: ווענוס, די געטין פון שיינקייט — אָט שטייט זי אָן אַ האַנט מיט אָפּגעריבענע בריסטן. אַפראָדיטאַ, צעאוס, אַלע, אַלע שטייען דאָ צעמזיקטע, ווער אָן אַ קאָפּ, ווער אָן הענט און אָן פיס. עס נעמט מיך אַרום אַזאַ רחמנות און איך פיל ווי אַ זיסער חלום ווערט צעשוואומען, אויסגערונען.

מיר באַזוכן עטלעכע מוזעאומס און באַוואונדערן די קונסט פון יענער צייט. זיי דאַרפן זיך גאָרניט שעמען קעגן דער היינטיקער צייט.

מיר שטייען אויף דער העכסטער הייך און קוקן אַראָפּ אונטן: די שטאָט ליגט אויסגעלייגט ווי ביי איר טאַטן אין וויינגאָרטן און באָדט זיך אין דער פרימאָרגנדיקער זון. קוים וואָס דו זעסט די גרויסע געביידעס, בלויז פינטעלעך. דערפאַר זעסטו אַ פאַרשיידנפאַרביקע פּאַנאָראַמע פון אָן אַ שיעור סעדער, גערטנער און בלומען. די שיינקייט פאַרכאַפּט דאָס אויג און בלייבסט שטיין מיט אָן אָפן מויל.

אַטען מאַכט שוין אַן איינדרוק פון אַ גרויסער, מאָדערנער שטאָט, סיי מיט איר סטיל, סיי מיט אירע מאָדערנע הייזער און געשעפטן. די גאַסן, אָבער, זיינען מערסטנס שמאָלע, די טראָטואַרן נאָך שמעלער. עס איז אַ באַרגיקע שטאָט און איך שטעל מיר פאָר ווי שווער עס קומט אָן צו קריכן אין גאַסן אַזוי משופּעדיק הויך און נאָכער אַראָפּפאַלן אין שאול־תחתיה אַריין. ווי לאַנג קען מען אַזוי וואַנדערן און קוקן? מען ווערט מיד, און די צייט צו גיין צו די אויטאָבוסן דערנענטערט זיך.

אַלע זיצן שוין אויף די ערטער. דער פירער ציילט און ציילט און עס שטימט ניט ביי אים עפּעס די רעכענונג. נאָך זיין חשבון פעלן צוויי. מען העלפט אים אין דער אַרבעט נאָך אַמאָל צו ציילן, יאָ, עס פעלן טאַקע צוויי: אויף דעם אָרט פון די צוויי ליגט אַ קאַפּעלוש מיט אַ סוועטער. לויטן קאַפּעלוש האָב איך דערקענט דעם יידן, וואָס האָט זיך דער ערשטער געריסן פון דער הויט אַרויס — עסן! ער וויל עסן. ער קוקט אויפן זייגער און ער האָט מורא, אַז ער איז זייער הונגעריק, אָבער ער אַליין ווייסט ניט, אַז ער וויל עסן, ער עסט לויטן זייגער. און ניט קוקנדיק אויף דער וואָרנונג פון דעם פירער אונדזערן, אַז אַלע מוזן זיין אין צייט, האָט ער דאָך ניט אויסגעהאַלטן קיין יידישקייט, זיך אָפּגעריסן פון דער עדה און אַוועק זוכן אַ גוטן מאָלצייט. כ'האָב מורא, אַז ער וועט דאָך אַמאָל שטאַרבן אַ הונגעריקער...

אַ גאַנצן טאָג זיינען מיר געשטאַנען ביי פּירעאוס. נאָך מיטאָג האָב איך איינגערעדט גאָלדען און מיר זיינען געגאַנגען שפּאַצירן אין די געסלעך פון פּאָרט. מען שמועסט, אַז טרוקענע פרוכטן און אַלערליי ניס איז דאָ האַלב אומזיסט. די קרעמער רייסן פאַר די פּאָלעס, אויף האַלב־ענגליש, האַלב־גריכיש. אַפילו אַ יידיש וואָרט האָט מען דאָ אויך געהערט. עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז איך שפּאַציר אין וואַרשע אויף די נאַלעווקעס. געקויפט האָבן מיר כמעט ווי גאָרניט. די מציאות זיינען ניט געווען אַזוי גרויס. די איינציקע מציאה וואָס איך האָב איינגעזען איז די גריכישע דראַכמע. פאַר איין דאָלער קריגסטו 30 דראַכמעס, האַלטסט אַ פולן הויפן פּאַפּיר־געלט און ווייסט נאָך אַלץ ניט וואָס צו טאָן מיט דעם. ביי אַ יינגל, וואָס פאַרקויפט בייגעלעך אין גאַס, האָב איך זיך אָפּגעשטעלט קויפן אַ בייגל. איך וויל פאַרזוכן דעם טעם. איך גיב אים אַ צען דראַכמע־שטיק און וואַרט אויף אַ רעשט, אָבער אַנשטאָט אַ רעשט גיט ער מיר צו נאָך פיר בייגל און גיי שריי חי וקים...

איך טו אָן די בייגל אויפן האַנט, ווי להבדיל בראַסלעטן און לאָז זיך ווייטער שפּאַצירן.

צוריקגעקערט זיך צו דער שיף, האָבן מיר פרייער אָפּגעאָטעמט. דער טומל פון די גריכן איז ניט געווען מער, און איר וועט לאַכן — ער האָט אונדז שוין געפעלט. עס איז געוואָרן אַ מוראדיקע שטילקייט אויף דער שיף, עפּעס אַזאַ מין שטילקייט ווי פאַר נעילה. איצט, קען מען זאָגן, איז עס אַן אמתע יידישע שיף מיט יידישע פּאַסאַזשירן. עס איז ווידער געוואָרן נאָך מער מאָנאָטאָן און לאַנגווייליק. קיין מוזיק ווייטער ניט געווען. עפּעס האָט מען געפּרואווט אויפכאַפּן אויף די טראַנזיסטאָרס, נאָר מער ווי יאָמערדיקע, פּאַרגייענדיקע קולות אויף אַראַביש האָט מען ניט געהערט. די שפּיל אין קאָרטן אין נגב־באַר האָט שוין

אויך ניט געהאַט קיין טעם. עפּעס אַלץ האָט מען געטאָן אויטאָמאַטיש, מעכאַניש, אָן ווילן. מען איז שוין געוואָרן אָנגעשטעקט מיטן אַראָפּ־שטייגן.

דער איינציקער לעבעדיקער פונקט אויף דער שיף איז געווען דער שיינהייט־סאַלאָן. מען איז ממש געשטאַנען אויף די קעפּ וואַרטנדיק אויף דער ריי צו קענען זיך מאַכן שיין. מען איז געזעסן די קעפּ צעאַקערט אין בייטן, באַשטעקט מיט שפּילקעס, געבראָטן זיך אונטער די הייסע פּעכערס, צו טריקענען די האָר, געמאַכט זיך די נעגל, געצופּט ברעמען. רבונו־של־עולם, ווען איז דאָס ביי זיי אָנגעוואקסן אַזוי גיך, דאָ אויף דער שיף? און בעת־מעשה טראַכט איך מיר: ווען עס וואַקסט כאָטש אָן אַ דריטל פון דעם ביים פעטער חיים אויפן קאָפּ, וואָלט ער כאָטש אויסגעקוקט ווי עפּעס, און אַזוי שיינט ביי אים די לבנה ווי אין מיטן חודש...

אויפן דעק שפּאַצירן אַרום די מענער פון די־אָ פּרויען, כאַפּן אַלע ווײַלע אַ בליק אינעווייניק צו זען, אויב זיין ווייב איז שוין „איבערגעקומען". פון אינעווייניק קומען זיי אַרויס מיט אויפגעטורעמטע האָר, ווי פּאַרוקן, גאָרניט נאַטירלעך, אָפּטמאָל אַן אַנדער קאָליר אויך, די פּנימער צונטער רויט, צעפּאַרעט פון היץ, ווי אַ גוט איינגעקאָכטער צימעס, און די נעגל שאַרף און רויט, גרייט צו פאַרצוקן. נו, איז אַ וואונדער טאַקע ווי ער קען זי דערקענען?...

# דער לעצטער טאָג פון דער רייזע

## דאָס אַראָפּשטייגן

די נאַכט פון פרייטיק אויף שבת האָט קיינער ניט צוגעטאָן מיט קיין אויג. עס זיינען געווען צוויי קאַטעגאָריעס, וואָס האָבן ניט געקענט שלאָפן: די קאַטעגאָריע פון שיינהייט־סאַלאָן האָט ניט געקענט שלאָפן, מורא־האָבנדיק קאַליע צו מאַכן זייערע פריטשאָסקעס, מורא געהאַט צו לייגן רעכט דעם קאָפּ אויפן קישן, און ניט קוקנדיק אויף די אַלערליי פאַרזיכערונגס־מיטלען, ווי נעצן אויף די קעפּ, מיט אַלערליי שפּריצעכץ, זיינען זיי דאָך אויפגעשטאַנען אין דער פרי ווי נאָר־וואָס אָפּגעשאָרענע פּודלס און מיט אַ מינע צום ברעכן.

דער צווייטער קאַטעגאָריע, וואָס האָט ניט געקענט שלאָפן, איז געווען סתם קאַלעמוטנע אויפן האַרצן. עס איז געווען אַ נאַכט פון חשבון הנפש: אָפּגעשלעפּט זיך 13־14 טעג אויף אַ שטורעמדיקן ים אין הייניקער צייט פון אַטאָמען און מיטן אַרומקרייזן עטלעכע מאָל די ערד אין אַזוי ווייניק ווי אַ שעה, צי וויפל, און דאָ שלעפּט מען זיך צווישן הימל און וואַסער און הגם ס׳איז שוין שטיל, אָן סכנה, פרעגט זיך אַ פראַגע, צי מיר וועלן אַמאָל אָנקומען ערגעץ? עפּעס שטימט ניט דער חשבון דאָ. איך פּרוּאוו אין געדאַנק פאַרגלייכן אונדזער רייזע מיט יציאת מצרים, ווי די יידן האָבן געוואַנדערט אין דער מדבר פערציק יאָר און ענדלעך, געלייטערטע, זיינען זיי אָנגעקומען אין צוגעזאָגטן לאַנד. עס שטימט, טראַכט איך, נאָר איך האָב דאָך אַ שטיקל ווידערגעפיל צו דער גאַנצער אָרדענונג, וואָס דאָ גייט אָן. מיר האָבן דאָך געקענט אָנקומען אין צייט, אויב ניט פרייטיק פרי, איז שבת פרי, אָבער צוליבן שבת, דעם הייליקן טאָג שבת, וואָס ווערט אָפּגעהיטן אין לאַנד און דאָמינירט פון אַ געוויסער גרופּע, מוזן מיר שווימען לאַנגזאַם, לאַנגזאַם, אויסציען נאָך אַ ביסל די נסיעה, אויסציען נאָך אַ ביסל דעם מאַרך פון די ביינער, אָבער דערפאַר, ווען עס וועט זיך באַווייזן דער ערשטער שטערן און אַ באַבע ערגעץ וועט אָפּזאָגן „גאָט פון אברהם״, וועלן מיר מיטן רעכטן שפּיץ פון דער שיף אַריינפאָרן אין געגאַרטן לאַנד אַריין. די מאַנשאַפט וויצלט זיך אויף אונדזער חשבון. מען וועט אונדז ניט רעכענען טייערער פאַרן איבעריקן טאָג, מען וועט אונדז

אַפילו נאָך סערווירן צום פיר אַ זייגערדיקן טיי עפּעס מער ווי צובייסנס, כּדי מיר זאָלן שפּעטער ניט פאַרחלשט ווערן ביים אַראָפּגיין.

דער פעטער חיים, ער איז דאָ דער קאַפּיטאַן אַליין. ער לויפט און שמייעט ווי מנחם־מענדל מיט צעשפּרייטע פּאָלעס. די קאַמערא הענגט אים פון פאָרנט, דעם טראַנזיסטער האַלט ער אין דער האַנט אויפגעהויבן אין דער הייך, ווי מיט דער תורה צו הגבה גלילה. ער הערט אַפילו ניט וואָס עס שפּילט און צי עס שפּילט בכלל, ווייל בשעת מעשה גיט ער אייך צו פאַרשטיין ווי אַזוי די שיף גייט, וואָס פאַר אַ געדערים זי פאַרמאָגט, פאַרוואָס דווקא איצט וואַקלט זי זיך ניט און קען זיך ניט איבערקערן. ווייל ער, נאָר ער אַליין, ווייסט דעם סוד ווי זי איז געבויט. ער האָט דאָך עפּעס אַמאָל שטודירט אויף אינזשיניער! און טאָמער גלויבט איר אים ניט, גיט ער אייך צו פאַרשטיין מיט זיינע הענט און אַלע רמח אברים, ווי די מאָטאָרן אַרבעטן, ווי דער מעסער אונטערן שיף שניידט דאָס וואַסער, ביז ער אַליין ווערט פאַרכליניעט פון זיין דערקלערונג. דער עולם ווערט אָן עפּעס דעם צוטרוי און גלויבן צו אַזאַ קאַפּיטאַן. עפּעס איז אים נאָך אַלץ דאָ קשה, אומפאַרשטענדלעך. איך פּרואוו עס מאַכן צו קליינגעלט און גיב אומשולדיק אַ זאָג: — נו, טאַקע, וואָס איז דאָ צו פאַרשטיין? — אויב די שיף וואַקלט זיך ניט איצט איז אַ סימן, אַז דאָס וואַסער איז רואיק...

איך געדענק נאָך ניט אַזאַ טאָג אין מיין לעבן, וואָס זאָל אַזוי קריכן פּאַמעלעך און זיך ציען ווי דער יידישער גלות, אַפילו ניט די דריי טעג פון גיין צו קינד מיט מיין זון... איך האָב אויך דעם טאָג אויסגעמעקט פון מיין קאַלענדאַר, ווי די איבעריקע טעג פון דער נסיעה. די ווייזערס רוקן זיך לאַנגזאַם, לאַנגזאַם, און נאָך לאַנגזאַמער רוקט זיך די שיף. עס דאַכט זיך, זי שטייט, ביין, זי פּויזשעט, זי קריכט ממש אויפן בויך. אַלע גייען אַרום פאַרחלשט ווי אין אַ גרויסן תענית. מען זיצט אין גרופּעס, מען שושקעט זיך, דאָס פאַרטרויט מען זיך שטילערהייט איינער דעם אַנדערן וואָס מע מיינט, וואָס פאַר אַ מתנות מען וויל אַריינשמוגלען און ווער ווייסט צי מען וועט ניט דאַרפן אָפּצאָלן יענעם פּרייז?! אפשר האָט זיך עס גאָרניט געלוינט, האַ? מען טרייסט זיך: — עט, ווייס איך וואָס, מען איז דאָך עפּעס יידן, נשקשה, אונדזערע יידעלעך וועלן אוודאי צומאַכן די אויגן אויף דעם, אויפן ערגסטן פאַל, וועט עס אויסגיין צו געלט. אין קיין תפיסה וועט מען ניט גיין.

אויף אַלע דעקן שטייען קופּקעלעך מיט לאָרנעטן און מען קוקט אין די מרחקים אַריין. יעדער איינער וויל זיין דער ערשטער אָנצוזאָגן, אַז מען זעט שוין דעם הר־הכרמל. אָבער ניין, מען זעט נאָך גאָרניט. שוין אַזוי נאָענט און מען זעט נאָך ניט. איך פיל מיך ווי איך וואָלט געווען

איינער פון די פּאַסאַזשירן אויף דער שיף „עקזאָדוס", נאָר אָן דער געפּאַר אַריינגעלאָזן צו ווערן אין לאַנד. דער פּאַקט, וואָס אַן אַנדער כח פון ערגעץ, וואָס צווינגט דער שיף ניט אַריינצוקומען אין דער באַשטימטער צייט, מאַכט מיך אַזוי פילן. און דאָס איז אין יידישע הענט! מילא, נו, מיר וועלן דאָס אויך איבערקומען, שוין נענטער ווי ווייטער, גאָלדע, האָב געדולד, נאָך אַ פּאָר שעה, טרייסט איך זי. און גאָלדע זיצט מיט די הענט פאַרלייגט אין שויס, אַ ביסל מיד און צוטראָגן, נאָר אַ נשמה־יתרהדיקייט איז אויסגעגאָסן אויף איר פּנים: באַלד וועט זי זיך טרעפן מיט אירע נאָענטסטע און טייערסטע: איר זון אליהו, אַן אָפיציר פון דער אַרמיי, אויסגעדינט אויף אַלע פראָנטן; אבישיקעלע און רזי, איר ברודערס צוויי קינדערלעך, וואָס קיין שענערס און בעסערס איז גאָרניט דאָ אין גאַנצן לאַנד, אַפילו ניט אין דער גאַנצער וועלט! און זי רעכנט מיר אויס אַ צעטל מיט נאָך נעמען. איך זיץ און הער זיך צו און בין זי מקנא: איך האָב קיינעם ניט און קען קיינעם ניט. ס'הייסט, איך האָב זיי יאָ, בלויז פון הערן, און אַלע נעמען זיינען מיר אויסגעמישט און איך ווייס ניט, ווער איז ווער. איין שטיקל קוזין איז מיר געבליבן פון מיין משפּחה, וואָס איך קען אים אַלס יינגל. ווער ווייס צי איך וועל אים דערקענען? מיט וועמען וועל איך זיך אַרומכאַפּן? איך קען דעם געדאַנק ניט דערציען ביזן סוף, ווייל דער הילכער אויף דער שיף איז מודיע, אַז מען זאָל זיך צונויפזאַמלען אין די דערבייאיקע זאַלן, כדי דורכצוגיין די בייטיקע פּראָצעדורע און פאַרמאַליטעטן פון דורכקוקן די פּעסער.

אין די זאַלן זיינען אַלע געזעסן צעזייט און צעשפּרייט מיט אַלערליי קליינע האַנט־פּעקלעך און מלבושים. „גרעטאַ גאַרבאָ" איז ווי שטענדיק געזעסן אַליין, אָפּגעזונדערט, נאָר אָנשטאָט איר קליין היטעלע מיטן דאַשעק, — אַ גרויסער הוט מיט ברייטע ראַנדן. „לאַנאַ טורנער" האָט אויסגעקוקט זייער געבעכדיק און פאַרלוירן: זי האָט זיך קיין עצה ניט געקענט געבן מיט אַזוי פיל בייטלען פון מאַדעירע, וואָס זיינען איר איצטער לחלוטין איבעריק. די אלמנהלע, וואָס פון אונטער מיין בעט, זיצט ווי אַ קוואָקע אויף אייער און בורטשעט עפּעס אויף דייטש. קיינער קוקט זיך שוין ניט אום איינער אויפן צווייטן, פונקט ווי מען וואָלט געווען פרעמדע. יעדערער איז פאַרטאָן אין זיינע רעיונות און פּראָבלעמען. דער גרעסטער פּראָבלעם איז: וואו נעמט מען נאָך אַ פּאָר הענט דאָס אַלץ אַראָפּצושלעפּן פון שיף? פּלוצים שרייט עמיץ אויס: מען זעט שוין חיפה פון דער ווייטנס! און אַלע גיבן זיך אַ לאָז צו די דעקן איבערלאָזנדיק אַלץ אויף הפקר.

אויפן דעק איז אַ געדראַנג, שווער צוצוקומען צו די באַריערעס עפּעס צו זען. איך שטופּ זיך אַריין ערגעץ אין דער מיט און קוק: דער הר הכרמל האָט געשמייכלט צו אונדז אַנטקעגן דער פאַרגייענדיקער זון,

געשמייכלט ווי אַ געטרייער פּאַסטער צו זיין הויזגעזינד. ערגעץ ווייט, ערגעץ ווייט, און אָט אַזוי נאָענט שוין ליגט דאָס לאַנד פון די אבות, דאָס לאַנד פון די חשמונאים, דאָס לאַנד פון די איצטיקע נייע גבורים. מעוועס דרייען זיך אַרום און וואָרקען ווי טויבן. אונדזערע מעוועס שרייען ניט, הילכן ניט ווי יענע. שיפלעך קומען אַנטקעגן פריינדלעך, אַלע באַצירט מיט יידישע פענער. אַ פּאָר פון זיי האָבן אַרומגעקרייזט אונדזער שיף און זיך אָפּגעשטעלט. די מאַנשאַפט איז אַרויף אויף דער שיף. איך פיל ווי אַ טרער האָט בגנבה, שטילערהייט אַראָפּגעטריפט אויף מיין באַק. עס האָט זיך געלוינט.

און די שיף שלייכט זיך וואָס נענטער און נענטער, דער טאָג גייט אַרונטער אויף יענער זייט ים, עס באַוויזט זיך דער ערשטער שטערן. די שעה האָט געשלאָגן! דאָס בריקל איז שוין צוגעפעסטיקט און לאַנגזאַם, לאַנגזאַם, אַזוי ווי די רייזע, זיינען מיר אַלע אַראָפּ. איך האָב אויף קיין איין מינוט ניט פאַרגעסן, אַז איך גיי באַטרעטן צום ערשטן מאָל די הייליקע ערד. איך בין געוואָרן צעחושט, ניט געוואוסט וואָס פאַר אַ ברכה צו מאַכן...

# די רעוויזיע

קוים האָב איך נאָר באַטראָטן די הייליקע ערד, האָט מען מיך לאַנג ניט געלאָזט חלומען און טראַכטן. עס האָבן זיך אַ לאָז געטאָן הענט: קורצע, לאַנגע, גראָבע, דאַרע, האָריקע, גלאַטע — אַלע צו מיר. מען האָט מיך געוואָרפן פון איינעם צום צווייטן אַזוי ווי אַ פּילקע — שוין איינמאָל אַן אַרומכאַפּעניש! אַבי איך האָב געדאַגהט, אַז כ׳וועל ניט האָבן מיט וועמען זיך אַרומצוכאַפּן! דערביי האָט יעדער געזאָגט זיין נאָמען און מיך גלייך אַריינגעוואָרפן צו אַ צווייטן אין די אָרעמס. איך האָב בשום אופן ניט געקענט געדענקען, צי די האַנט, וואָס האַלט מיך, איז פון דעם נאָמען, אָדער שוין פון אַן אַנדערן. איך כאַפּ אַ קוק פון דער זייט און זע אַן אויסטערליש בילד: פעטער חיים שטייט מיט זיין ברודער יחיאל, איין האַנט גיט אים שלום עליכם, די צווייטע פאַרלייגט ביי יענעם אויפן אַקסל און קוקן זיך ביידע אָן מיט פאַרשטומטע ליפּן, קענען אַ וואָרט ניט אַרויסברענגען פון גרויס איבערראַשונג. אָט אַזוי באַגעגענען זיך צוויי ברידער נאָך איבער דרייסיק יאָר פון ניט זען זיך! יחיאלס אויגן זיינען רויט, פאַרלאָפן מיט אַ טרער, נאָר פעטער חיימס פּנים איז ווייס ווי קרייד, און אַן אָדערל צווישן אויג און אויער האָט געהאַלטן אין איין צוקן. איך דריי דעם קאָפּ אויף אַלע זייטן און זוך מיין קוזין. איך בין זיכער, אַז ער מוז דאָ זיין. ער וואוינט דאָך אין קרית־חיים, טאַקע דאָ אין חיפה, ניט ווייט פון פּאָרט. אפשר דערקענען מיר זיך ניט? דער עולם איז דאָ, קיין עין־הרע אַ היפּשער. אַ שיף מיט מענטשן אַראָפּגעלאָזט און נאָך מער מענטשן, וואָס זיינען געקומען מקבל פּנים זיין. דער געדראַנג איז דאָ גרויס. מען שטייט אין געזעמלעך, אין רעדלעך, אין קופּקעס. אין מיטן פון געדרענג שטופּן זיך די טרעגערס מיטן באַגאַזש. דער באַגאַזש ווערט אויסגעשטעלט לויטן אלף בית און יעדער איינער דאַרף מער ניט ווי צוגיין און נעמען זיינס. ס׳איז אָבער ניט אַזוי איינפאַך: אונטער דעם זעלבן אות קענען זיין עטלעכע נעמען, מוזטו שוין געדענקען די גרויס און קאָליר פון דיינע וואַליזעס, און די צאָל אויך, נאָך איידער דו זעסט דעם ריכטיקן צעטל מיט דיין נאָמען און אַדרעס.

מענטשן שלעפּן וואַליזעס, שטופּן זיך צו די רעוויזאָרן. דערביי טרעט מען אָן איינער אויפן צווייטנס כבוד, מען שאַנעוועט ניט אַפילו קיין

עלטערן, מען זשאַלעוועט ניט קיין קאָמפּלימענטן אויף אַלערליי שפּראַכן. אַזאַ כבוד געהערט שוין צום אינטערנאַציאָנאַל און מען דאַרף ניט זיין גוט באַהאַוונט אין דער שפּראַך צו קענען פאַרשטיין. נאָך לאַנג זוכן און נישטערן האָבן מיר געפונען אונדזער באַגאַזש. איבערגעציילט עטלעכע מאָל, איבערגעקוקט און זיך געלאָזט אין דער ריי פאַר דער רעוויזיע. אין האַרצן האָט מיר געטיאָכקעט: ווער ווייס צי מיר וועלן דאָ אַרויסגיין טרוקן? פון ים זיינען מיר טאַקע אַרויס טרוקן, בשלום אָנגעקומען, אָבער פון דער יבשה איז נאָך אַ פראַגע! איך שטיי אַ באַלאָדענע מיט מיין אייגענעם באַגאַזש: אַ רייזע־מאַנטל, אַ פוטערנעם זשאַקעט, 2 שירעמס און אַ גרויסן שווערן האַנט־בייטל. וואָס האָב איך ניט איינגעפּאַקט אין דעם האַנט־בייטל? צוויי עלעקטרישע וועק־זייגערס, אפשר אַכט אָדער צען סיגאַרעטן־אָנצינדערס אויף גאַז, עטלעכע טראַנזיסטערס און אַ צענדליק פּושקעס סיגאַרעטן. עס איז אָנגענומען, אַז אין אַ פרויס האַנט־בייטל זוכט מען ניט, אַזוי זאָגט מען מיר. איז טאַקע אַ פראַגע צי ס׳איז אַ האַנט־בייטל! גיכער קוקט עס אויס ווי אַ קליינע וואַליזע. עס ווערט מיר טרוקן אין מויל פון נערוועזיטעט און איך הויב אָן צו שוויצן. די משפחה טרייסט מיך:

— האָב קיין מורא ניט, זעסט יענעם, ער קען זיך מיטן רעוויזאָר. ער ווייסט שויז ווי אַזוי מע מאַכט עס, פאַרלאָז זיך אויף אים. און אשר איז אויך ניט קיין שיפע זיבעלע, און ווער קען דאָס ניט דאָקטאָר יאָניש? אַלע זיינען גוטע שתדלנים און אַלע וועלן האָבן אַ זכות. ניט געדאגהט.

נאָך לאַנג וואַרטן און שוויצן האָט מען אויפגערופן פעטער חיים צו דער עליה, און ויעמוד חיים ברב צבי טוביה יאָניש! מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ בין איך געשטאַנען הינטער אים און תפילה געטאָן, עס זאָל אַלץ אָפּגיין גלאַטיק. דער בחור הרעוויזאָר איילט זיך ניט. עס אַרט אים ווי דער פאַראַיאָריקער שניי, וואָס מיר האָבן דורכגעמאַכט און וואָס מיר שטייען איצטער מידע, פאַרחלשטע אין אַזאַ היץ. לאַנגזאַם, פאַמעלעך, עפנט ער אויף איין וואַליזע נאָך דער צווייטער, צעוואַרפט זאַכן, נישטערט, זוכט גרינטלעך און געפינט דאָס, וואָס ער האָט ניט געדאַרפט געפינען: אַ טאָוסטער, אַן עלעקטריש אייזן, צוויי מיקס־מאַסטערס. און אָט שלעפּט ער אַרויס פון גאָלדעס וואַליזקע: אַ הילצערנע שיסל צו האַקן פיש, אַ האַק־מעסער, אַ קאָך־לעפל, ניס, אַלץ אָנגעגרייט אויף פסח. ער שמייכלט כלומרשט אונטער די וואָנסעס, דער רעוויזאָר, נאָר מיר שטעכט זיין שמייכעלע אין דער זיבעטער ריפּ. עפּעס געפעלט מיר ניט די קאַלטע אכזריות זיינע פון זוכן און מאַכן אַ תל פון די זאַכן, אַזש מען קען עס בשום אופן ניט איינלייגן צוריק. אויף יעדער זאַך, וואָס ער געפינט,

דרייט ער מיטן קאָפּ אין דער ברייט, ווי אין גרויס וואונדער. כ'וואָלט געשוואָרן, אַז ער איז אַן ערל, אָבער גיי טראַכט אויס אויף יענעם אַזאַ בלבול, אַז דאָ איז אַ יידישע מדינה פון גאָלע יידן!

חיים האָט, ווייזט אויס, אויך דערפילט, אַז ס'איז דאָ עפּעס ניט גלאַטיק, האָט ער אָנגעהויבן פאַרפירן מיט אים אַ שטיקל שמועס, מכלומרשט פאַררעדן די ציין:

— פון וואַנען אַ ייד?

— פוןווישקאָווע — ענטפערט יענער און טאַפּט ווייטער.

— ווישקאָווע איז דאָך ניט ווייט פון מלאָווע, זיינען מיר דאָך לאַנדסלייט. איר קאָנט דאָרט אַ יאַניש אין ווישקאָווע? דאָס איז דאָך פון אונדזער משפחה! אויב אַזוי, טאָ לאָמיר מאַכן אַ שנעפּסל, אָט האַלט איר עס אין האַנט, זוכט ניט ווייטער, דאָ האָב איך אַ גוטן ווייַן פון מאַדעיראָ, איינגעקויפט אויף פסח, מאַכט הבדלה, עס איז דאָך מוצאי שבת, לאָמיר מאַכן לחיים!

אָבער יענער לאָזט זיך ניט. אים קען מען ניט פאַרפירן. ער שאָקלט זיך אָפּ פון דער לאַנדסמאַנשאַפט, וואָס מע האָט אויף אים אַרויפגעצוואונגען און דרייט אויס דעם דישל אויף צוריק, צוריק צום זוכן און נישטערן. ער טראַכט זיך אוודאי: דער חברה־מאַן מוז האָבן נאָך עפּעס, וואָס ער באַהאַלט ערגעץ אויס, מע דאַרף גוט אַ טאַפּ טאָן ערגעץ און ער גיט זיך אַ נעם צו מיין קליינער נאַכט־וואַליזקע. איך האָב פרייער אָפּגעאָטעמט. אַבי ער האָט ניט געהייסן איך זאָל אים ווייזן מיין האַנט־בייטל. קוים מיט צרות געעפנט, ווייל ס'איז געווען געפּאַקט, ערשט עס פאַלן אַרויס מיינע שטיק־שיך, פּאַדזשאַמעס, נאָך אַ פּאָר אינטימע וועש־זאַכן, וואָס אסור אויב חיים האָט עס אַמאָל געזען ביי מיר, און איך האָב זיך פאַרשעמט. געוואַלד, ווי קומט מען שוין דאָס איבער! און דער חברה־מאַן רוקט אַריין זיינע ידים און קערט איבער אַלץ קאַפּויער: פלעשלעך מיט פאַרפום, זאַלבן, שפּילקעס, זאָקן — אַלץ אויסגעמישט צוזאַמען מיט די טאַלק־פּודער. איך פּרוּאוו אים דערקלערן, אַז אין די גרויסע שטורעמס איז דער באַגאַזש געגאַנגען כאַדאָראַם און אַלץ האָט זיך אויסגעשאָטן. איך האָב נאָך קיין איין גוטן טאָג ניט געהאַט צו ברענגען אין אָרדענונג — ערשט ער שלעפּט אַרויס פון דאָרט אַ פאַרפּודערטן טראַנזיסטאָר — אַן ענטפער אויף מיין דערקלערונג.

— וואָס איז דאָס? — גיט ער אַזוי אַ פרעג גלייכגילטיק.

— וואָס איז דאָס פאַר אַ פראַגע? — מאַך איך זיך האַרץ און ענטפער מיט אַ פראַגע — יעדער איינער ווייסט וואָס אַ טראַנזיסטאָר איז!

חיים קוקט אויף מיר, איך אויף אים און איך הייב ניט אָן צו וויסן, ווי אַזוי קומט ער דאָ? ער האָט דאָך געדאַרפט גאָר זיין אין מיין בייטל מיט אַלע איבעריקע! אינסטינקטיוו גיב איך אַ דריק צו שטייף מיין בייטל צו זיך און פאַרדעק אים נאָך בעסער מיטן פוטערנעם זשאַקעט. איך פאַרליר זיך ניט און באַקום באַלד לשון:

— וואָס הייסט, איך טאָר ניט האָבן מיט מיר אַ טראַנזיסטער פאַר מיין אייגענעם געברויך? ווילסט, קענסטו אים האַלטן ביז איך וועל צוריקפאָרן, אָבער דערווייל גיב מיר דיינעם, לאָמיר זיך טוישן, הייסט עס.

עס האָט גאָרניט געהאָלפן. דער בחור הרעוויזאָר האָט אַרויסגענומען אַ לאַנגן בויגן פּאַפּיר און אָנגעהויבן שרייבן. די שתדלנים זיינען געשטאַנען אַרום מיט געבויגענע קעפּ און זיך צוגעקוקט און געשוויגן. דער איינציקער, וואָס האָט פּראָטעסטירט, איז געווען פעטער חיים:

— וואָס הייסט, אַזאַ רציחה, מען טאָר שוין ניט ברענגען אַ שטיקל מתנה, נאָך אַזוי פיל יאָרן פון וואַרטן און זיך צוגרייטן? אַזוי נעמט איר אויף טוריסטן און איר ווילט נאָך מע זאָל קומען נאָך אַמאָל? פון גרויס צעטראָגנקייט פאַרגעסט ער זיך אויף אַ מינוט מיט וועמען ער האָט צו טאָן און ער גיט אַ זאָג צו די שתדלנים:

— וואָס שטייט איר ווי די בעק און שוויגט? אפשר זאָל מען אים נתנען אין יד אַריין?

— ש־ש־ש — שושקען זיי אים צוריק אָן אַ זייט — דבר לאו, דער יהודי איז מבין כל מילה...

אויף אַלע זיינע טענות האָט ער געקראָגן איין ענטפער, אַז ס׳האָט געקענט זיין ערגער, אַז ער מאַכט אים דאָ אַ גרויסע מציאה. ער האָט, הייסט עס, איינזעעניש און דערפאַר אַזאַ קליינער פּרייז. ווען ניט די שתדלנים, וואָלט אַנדערש געווען. אַלזאָ, ר׳ חיים, באַצאָל. באַצאָל פאַר דער עליה. זיינען דאָך טאַקע די יידן פון דער שיף גערעכט געווען, ווען מען האָט זיך איינער דעם צווייטן געטרייסט מיט חלשות־טראָפּנס! אויפן ערגסטן פאַל וועט עס אויסגיין צו געלט. ניטאָ קיין יידישע גזלנים. יעדנפאַלס, דאָס געלט גייט פאַר דער יידישער מדינה, און זי דאַרף אַ סך, גאָר אַ סך געלט. זאָל עס איר וואויל באַקומען!

אין מיטן געדרענג, ביים צומאַכן צוריק די וואַליזעס און זיי אַריינפּאַקן אין די אויטאָס, איז אָנגעלאָפן מיין קוזין ישראל מיט זיין פרוי רבקה. יע, מיר האָבן זיך דערקענט. פון אַ קליין יינגל — אַ מאַן געוואָרן.

הויך און ברייט, פאַרברענט פון דער זון און ווינט. קענטיק טאַקע, אַז ער איז אַ מויערער.

— ישראל, ווי ביסטו אַזוי אויסגעוואַקסן? — לאַכט ער מיט אַ מויל ווייסע ציין און בלויע פאַרזשמורעטע אויגן. אַזוי טאַקע האָב איך זיך פאָרגעשטעלט אַ טיפּישן חלוץ: געזונט און שטאַרק, פריילעך, זון אין די אויגן און ווינט אין די האָר.

לאַנג זײַנען מיר נאָך געגאַנגען אין די גאַסן פון פּאָרט, געגאַנגען צו אונדזערע אויטאָס, וואָס האָבן אונדז געדאַרפט פירן קיין גבעתיים, צו גאָלדעס היים. שטיקלעך אָפּגעריסענע געשפּרעכן פון אַמאָל און פון חורבן האָבן זיך געמישט און געשוווערט דאָס געמיט. שווער אַרויסצוקריכן פון דײַן אייגענער הויט, מע קען פון זיך ניט אַנטלויפן!

זייט געזונט, ישראל און רבקה, מיר וועלן זיך נאָך זען און ריידן, איך פאָר נאָך אַזוי גיך ניט אַוועק. להתראות!

# תל־אַביב—יפו

אויפגעשטאַנען בין איך צומאָרגנס זייער פרי. אַ העלע ליכטיקייט האָט מיך אויפגעוועקט און אַ וואָרקען פון טויבן. צוערשט האָב איך ניט פאַרשטאַנען, וואו איך בין אין דער וועלט. זיכער ניט אויף דער שיף. וואו האָט די שיף געגומען טויבן? איך כאַפּ אַ קוק אויפן זייגערל, וואָס ליגט אויפן נאַכט־טישל — ס׳איז זעקס. האַסטיק שפּרינג איך אַראָפּ פון בעט און קוק אַרויס דורכן פענצטער. די זון שטייט שוין הויך, ווי אין האַלבן טאָג. ווען איז זי אויפגעשטאַנען, די זון? אַנטקעגן איבער, אויף אַ טעראַסע, קלאַפּט אַ פרוי אויס אירע קישנס. כ׳וואָלט געשוואָרן, כ׳האָב צוריק פאַרבלאָנדזשעט קיין בראָנזוויל! די גאַנצע רייזע איז ניט מער געווען ווי אַ בייזער חלום. אָבער אָט פאַלט מיין בליק אויפן גאָרטן און אַלץ ווערט פאַר מיר קלאָר: כ׳בין אין גאָלדעס הויז, דאָס איז איר גאָרטן, וואָס זי האָט אַזוי פיל גערעדט וועגן אים.

דורך די פענצטער שטראָמט אַריין אַ שטאַרקער ריח, וואָס פאַר־שיכורט. דאָס איז דער ריח פון די צעבליטע אָראַנזשן־ביימער. אַביימל פון ציטרינען שטייט שוין רייף, באַלאָדן מיט אַזעלכע גרויסע שווערע ציטרינען, די צווייגן בייגן זיך אַזש צו דער ערד און בעטן זיך. אַ ים פון אַלערליי בלומען צעזייט און צעשפּרייט איבערן גאָרטן. רויטע מאָן־בלימעלעך לייכטן אונטער דער זון דאָ און דאָרט, ווי גלי־ווערעמלעך ביינאַכט. איך אָטעם אַריין שטאַרק און טיף די לופט און לאָז אַרויס אַ פאַרגעניגנדיקן קרעכצל. ערגעץ שפּילט אַ ראַדיאָ און מען קען הערן דייטלעך די ערשטע נייעס. די שפּראַך איז מיר ניט פרעמד. כאָטש איך האָב שוין לאַנג זיך ניט באַנוצט מיט איר, לאַשטשעט דער קלאַנג מיין אויער, און די ווערטער, די לאַנג־פאַרגעסענע, קערן זיך אום צו מיר ווי פייגל צו זייערע נעסטן... דער טאָג, זע איך, האָט זיך שוין לאַנג דאָ אָנגעהויבן. איך האָב מורא עפּעס חלילה צו פאַרשפּעטיקן. אין איילעניש טו איך מיך אָן, גיב אַ טיאָכקע חיימען אין זייט — שטיי אויף, פּעפּער, — און לויף אַראָפּ מיט די טרעפּ אונטן.

אין קיך האָב איך געטראָפן מיין שוועגערין, גאָלדעס מאַמע, אין דרייען איינגעבויגענע יידענע, זיך פאָרען מיטן טשייניק טיי. דערזען מיך אַזוי פרי אָנגעטאָן, פאַרוואַרפט זי מיך מיט פראַגן:

— וואָס זיינען זי אויפגעשטאַנען אַזוי פרי? עץ קענט ניט שלאָפן אַ ביסל שפּעטער? די געשעפטן ביי אינען וועלן אונטערגיין?

גיי דערצייל איר אַ מעשה וועגן זון, טויבן און ריחות פון די ציטרוס־ביימער, וואָס קיצלען די נאָזלעכער און ס׳איז סתם אַן עבירה צו פּטרן צייט אויף שלאָפן.

ביסלעכווייז, ביסלעכווייז האָבן אַלע אָנגעהויבן זיך צוזאַמענצוקומען. די טיר האָט זיך אַלע ווײַלע געעפנט און פאַרמאַכט און גאַנצע פאַמיליעס פון דער משפחה האָבן אָנגעהויבן שטראָמען מיט זייערע קינדערלעך, קיין עין הרע. וואָס פאַר אַ גערעטעניש: איינס שענער פאַרן אַנדערן. גאָלדע האָט אויף אַ האָר ניט איבערגעטריבן. הגם עס איז געווען זונטיק, פאַר זיי אַ געוויינלעכער אַרבעטס־טאָג, האָבן זיי מוותר געווען די אַרבעט און געקומען באַקענען און זיך פרייען מיטן אָנקל און טאַנטע. די קינדער זיינען אין שול אויך ניט געגאַנגען און ס׳איז געווען יום־טוב אין דער וואָכן. מען האָט גערעדט פון אַלץ און פון גאָרניט. איבערהויפּט האָבן מיר געהאַט צו דערציילן די נסים פון דער רייזע מיט אַלע מאַטערנישן און יסורים. אַפילו די צייטונגען האָבן שוין באַוויזן גלייך צו באַשרייבן דעם צעשעדיקטן שפּיץ פון דער שיף „ישראל“ ביים אָנקומען קיין ישראל. אויפן ראַט פון ד״ר זאב יאָניש און אַנדערע מיטגלידער פון דער משפּחה, איז געבליבן, אַז מיר זאָלן אַ וואָך צייט זיך אָפּרוען און קומען צו זיך. דערווייל וועט ער, דער דאָקטאָר, אונדז ווייזן די שטאָט תל־אביב־יפו, בלויז אַ בליק פון אויבן־אויף. שפּעטער וועלן מיר אַריינדרינגען טיפער. פאָרנדיק קיין יפו, גיט ער אונדז צו פאַרשטיין, אַז ער האָט אַ כוונה דערביי, וואָס ער נעמט אונדז צוערשט זען די אַלט־שטאָט יפו. אמת טאַקע, זי קומט ניט צו תל־אביב, אָבער זי האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין דער אַנטוויקלונג פון תל־אביב. יפו איז געווען אַ ריין אַראַבישע שטאָט. איר זעט, אָט איז נוה צדק, די חורבה, וואָס איז געבליבן נאָך דער באַפרייאונגס־מלחמה מיט די אַראַבער. אָט איז זייער מעטשעט. קוקט וויפיל לעכער ער האָט פון די קוילן. און זייערע הייזער קוקט אָן: די כאַראַקטעריסטישע באַרשט־קאָליר, מיט וועלכער אַלע זייערע הייזער זיינען אָפּגעפּאַרבט, אַז די שדים זאָלן ניט האָבן קיין שליטה.

מיר גייען אַרויס פון אויטאָ און לאָזן אים שטיין אין אַ זייט, און קריכן אַרום איבער די חורבות, וואָס זאָגן עדות וועגן ביטערע קאַמפן. פון איין געסל אַרויס, אין אַ צווייטן אַריין. אומעטום ליגט נאָך אָנגעוואָרפן שטיינער, ציגל, האַלבע ווענט און סתם אָפּפאַל. ווייט ביזן ים־ברעג ציען זיך אַזעלכע געסלעך מיט חורבות און האַלב־צעשטערטע הייזער. עס נעמט מיך אָן אַזאַ רחמנות אויף דער שטאָט יפו. אַמאָל איז זי געווען אַ באַרימטע פּאָרט־שטאָט. שיפן פון אומעטום זיינען דאָ געקומען און

אַוועק. היינט ווייעט פון פּאַרט מיט אומעט און פאַרלאַזנקייט — דער אומעט פון מגילת איכה: „איכה ישבה בדד העיר‟. אָבער זי איז ניט אַליין, די שטאָט. עס באַוואוינען זי אַ סך מענטשן מיט אַ מחנה קינדער־לעך. זיי זיינען דאָ אָנגעלאָפן פון אַלע ארבע פּינות העולם, די מענטשן, אַנטלאָפן פון די גאַז־קאַמערן, קאַלך־אויוונס און פון הינטערן אייזערנעם פאָרהאַנג. געקומען דאָ זוכן אַ מקום מנוחה און געפונען. די קינדערלעך, אַ סך פון זיי שוין דאָ געבוירענע, שפּילן זיך אַזוי זאָרגלאָז פאַר די האַלב־חרובע הייזער. ווי פאַרביקע שמעטערלינגען שפּרינגען זיי אַרום, זינגען און טאַנצן, אַזש ס'איז אַ פרייד אָנצוקוקן זיי. דו פאַרגעסט אויף אַ ווייל, אַז זיי האָבן ניט קיין לייטישע דירה, די באַלקאָנען הענגען אויף משקולת, אַ סכנה דורכצוגיין, זייערע קליידער אָרעם און פשוט, אָבער ציכטיק, ריין. ווערסט אָנגעשטעקט מיט זייער קינדערשער זאָרגלאָזער פרייד און דו ווילסט אַריינגיין מיט זיי אין אַ רעדל און כאַפּן אַ טענצל.

ביים סאַמע ברעג ים, נעבן דעם לעצטן הויז, האָבן מיר זיך אָפּגע־שטעלט. עס רעדט זיך — אַ הויז: אַ גרויסער חלל אָנשטאָט אַ טיר, פאַרקלאַפּטע פענצטער מיט ברעטער, אויסגעבויגן אויף דער זייט צום ים, וואָס אָט־אָט, דאַכט זיך, איין ריר און עס פאַלט אום. אַ יונגע פרוי איז געשטאַנען פאַרן הויז מיט די הענט פאַרלייגט אויפן האַרצן און לעבן איר אַ קליין מיידעלע מיט אַ ליאַלקע. ד״ר יאַניש פאַרבינדט אַ געשפּרעך מיט איר און זי דערציילט אַ שטיקל געשיכטע פון איר לעבן: אַן אַנט־לאָפענע פון הינטערן אייזערנעם פאָרהאַנג, דער מאַן איז קראַנק, נאָר ביידע אַרבעטן און קלייבן אַ פּרוטה צו אַ פּרוטה, זיך אַרויפצואַרבעטן אויף אַ לייטישער דירה. זיי האָבן ניט קיין פּרעטענסיעס צו קיינעם, זיי ווייסן, אַז די מדינה וועט זיי ניט פאַרלאָזן. אָבער עס דאַרף נעמען צייט. זיי וועלן וואַרטן, אַ ברירה האָט מען? אָבער קיין צוריק איז ניטאָ — פאַרברענט אַלע בריקן! און מיט אויגן פול מיט זאָרג און שטאָלץ, קוקט זי אויף איר שיין געראָטן מיידעלע: צוליב איר, צוליב איר צוקונפט, איז כדאי צו וואַרטן און זיך מוטשען.

די זון האָט שוין געהאַלטן ביים פאַרגיין און באַגאָסן דעם ברעג־פּאַס מיט גאָלד. רויכלעך פון ווייטע שיפלעך האָבן זיך געשלענגלט און זיינען זיך צעגאַנגען אין רוים. דאָס וואַסער ביים ברעג האָט אָן אויפהער געלעקט און געקושט די מאָכיקע, גרויע שטיינער און עפּעס געמורמלט. אַ שטילע רו האָט זיך גענומען אויסשפּרייטן אויף אַלץ און אויף אַלעמען, איינוויק־לענדיק די חורבה אין אַ מיסטיש פאַנטאַסטישן אויסזען.

מיר האָבן געשפּאַנט ווייטער צו תל־אביב צו. ענגע, קרומע און אָרעמע געסלעך, יידישע געסלעך, איינס ענלעך צום אַנדערן. וואו האָב איך זיי ערגעץ געזען? אָט איז, דאַכט זיך, די יידישע גאַס פון ווילנע

מיטן דורכהויף צו יאַטקעוועך! טויבע גוטקעס זאַוואולעק! דאָרט פלעג איך ביי אַ יידענע געהילט אין שמאַטעס, קויפן ווינטער געפּרוירענע עפּעלעך, אָדער הייסע אַרבעס. און אָט קומען מיר צו דעם שוק. דער מאַרק איז שוין ליידיק, פּוסט. בלויז דער אָפּפאַל דאָ און דאָרט זאָגט עדות פון אַ שווערן, טומלדיקן טאָג. ליידיקע קעסטלעך, פעסער, פאַר־קלאַפּטע טירן אויף שלעסער, פּוסטע, בלינדע פענצטער גלאָצן אין טונקעלן חלל און שטשורעס מיט לאַנגע עקן ווערן אין זיי פאַרשווינדן. מיר שפּאַנען ווייטער. וואָס ווייטער צו תל־אביב זיינען שוין די גאַסן גלייכער, ברייטער און די הייזער הגם אַלטע, אָבער ניט קיין חורבות. די ריינקייט האָט צוגעצויגן מיין אויפמערקזאַמקייט. אַפילו קיין שטאָפּסלען פון סיגאַרעטן וואַלגערן זיך דאָ ניט אין גאַס. ווען האָט מען דאָ געקערט און געוואַשן? סיידן מען האָט זיך געריכט אויף אונדזער באַזוך. מיר גייען אַריין אין עטלעכע הויפן און אַלץ דאָס זעלבע בילד: געפלאַסטערטע פּאָדלאָגעס און שטעגן פון אַלערליי קאָלירטע שטיינדעלעך, אַ סך שוין געפּלאַצט און געשפּאָלטן פון אַלטקייט, אָבער ציכטיק, ריין און נעט. ד״ר יאַניש גרויסט זיך מיט אַזעלכע הויפן, הייזער און מענטשן. ער אַליין און זיין פאַמיליע האָבן אויך פריער געוואוינט אין איינעם פון די הויפן. און אַז ס׳פלעגט ווער נאָך צוקומען אַ געראַטעוועטער אין דער משפחה, פלעגט מען אים מקרב זיין אין די ענגע דריי צימערלעך אַזוי לאַנג, ביז ער האָט זיך געקענט שטעלן אויף די פיס. די מענטשן פון דאַנען זיינען אונדזערע. זיי וועלן ניט פאַרקויפן די בכורה פאַר אַ טאָפּ לינדזן און לויפן ערגעץ, וואו עס דאַכט זיך זיי, אַז דאָרט איז בעסער... עס איז דאָ נאָר אַ פראַגע פון צייט, פון געלט און געדולד און די אַלע אַלטע הייזער וועלן אַראָפּגעריסן ווערן און נייע, מאָדערנע, וועלן אויפגעבויט ווערן. אין מיטן פון זיין גרויסן עקסטאַז זיינען מיר פאַרקראָכן ערגעץ אויף אַ גאַס און ניט קיין גאַס. אַ לאַנגע שטריק איבער דער ברייט פון גאַס איז געווען פאַר־צויגן מיט נאָר וואָס געוואַשענע וועש: פאַרלאַטעטע אַרבעטס־הויזן, העמד־לעך, קליידלעך, קאָלירטע טונקעלע האַנטוכער. איך בין געבליבן שטיין פאַרוואונדערט, וואָס אין מיטן גאַס הענגט מען וועש. אָבער דער דאָקטאָר זאָגט, אַז ס׳איז אַ מענטשלעכע זאַך, ס׳מאַכט ניט אויס, זיי האָבן ניט קיין הויפן, טאָ וואו דען זאָלן זיי הענגען זייער וועש, אויף באַקשט? (אַ גאַס אין ווילנע). דער דאָקטאָר הויבט אויף דעם שטריק העכער און מיר, איינגעבויגענערהייט, קריכן אַרונטער בשלום דעם וועשענעם פאַרהאַנג. נאָך אַ קורצע שטרעקע און מיר זיינען שוין אין תל־אביב.

תל־אביב, די קליין פּאַריז פון ישראל, מאַכט שוין אַן איינדרוק פון אַ גרויסער שטאָט. די הייזער, שטאָקיקע, געבויט לויט דער לעצטער טעכניק, שטייען שטאָלצע און באַשיינען די גאַסן מיט זייערע בלויע ווערענדעס.

אַ וואונדערלעכע, העלע ליכטיקייט ליגט אויסגעגאָסן אויף דער שטאָט. צי זיינען דאָס די העלע קאָלירן פון די הייזער, צי זיינען דאָס די פאַר־שיידנפאַרביקע בלומען, וואָס וואַקסן אומעטום, אויף פענצטער, גאַסן, בולוואַרן? אָדער שיינט טאַקע דאָ די זון העלער און דער הימל איז דאָ טיפער, בלויער? און אפשר איז עס דער ים, וואָס שפּילט איצט אויס אַ סימפאָניע פון רעגנבויגן־קאָלירן אַנטקעגן דער פאַרגייענדיקער זון? וואָס איז דער אונטערשייד, פילסט ווי דו האָסט זיך דאָ אַריינגעכאַפּט אין אַ גן־עדן התחתון און מען פירט דיך דאָ מיט גרויס פּאַראַד. אויף אַלענבי און דיזענגאָף איז ניט דורכצושטופּען זיך. מיר מוזן זיך האַלטן פאַר די הענט, כדי זיך ניט צו פאַרלירן. פון וואַנען נעמען זיך דאָ אַזוי פיל מענטשן און וואָס האָט זיי אַלעמען גראָד אַנגעשפּאַרט דאָ? אָבער באַלד ווערט מיר אַלץ פאַרענטפערט. די גרויסע, עלעגאַנטע מאָדע־געשעפטן האָבן אַ גוואַלדיקע צוציאונגס־קראַפט. אויב מע קען זיך ניט פאַרגינען דאָס צו קויפן, קוויקט מען זיך כאָטש מיטן בליק: לאָמיר זען וואָס איז די לעצטע מאָדע! אויסער דעם רייסט אויף דאָס אויג ביים טוריסט די סואווועניר־געשעפטן. אָן אַ שיעור פאַרשיידענע מינים אויסאַרבעטונגען פון בילדער, בילדער פון לאַנד אויף ביבלישע טעמעס, געשניצט פון האָלץ, נאַטור־בילדער געמאָלן פון אָרטיקע מאלערס, אַלערליי קאָלירטע טעלערס, טאַצן, שפּילקעס, קרעלן — מען קען דעם בליק ניט אָנזעטיקן קוקנדיק אויף דעם. מיין ווייבערשער אַפּעטיט ווערט אויפגערייצט און איך האַלט שוין מיט איין פוס אַריינצוגיין אין אַ געשעפט, ווען חיים גיט מיך אַ שלעפּ אויף צוריק:

— וואָס, קענסט זיך ניט איינהאַלטן? מיר זיינען דאָך ערשט געקומען, האָסט נאָך צייט. אגב ווערסטו זען נאָך געשעפטן, מען לויפט ניט גלייך אַריין אין ערשטן וואָס מע זעט!

גערעכט! אָבער ס'איז גלאַט אַ נחת צו גיין סתם און קוקן. אַפילו קוקן אויף מענטשן, פאַרבייגייער, פאַרשיידענע מענטשן מיט אַלערליי שפּראַכן: דו הערסט אויסער עברית: יידיש, דייטש, פויליש, פראַנצויזיש. עפּעס אַ מין דור הפלגה. ווען איך וואָלט ניט געזען אויף די געשעפטן די שילדן אין עברית, וואָלט איך געמיינט, אַז איך בין אין דער יו־ען אונטערן פרייען הימל. איך קוק זיך גוט צו צו אַנדערע פּנימער און כ'וואָלט געשוואָרן, אַז זיי קוקן מיר גאָרניט אויס ווי קיין יידן. אָבער דער דאָקטאָר פאַרזיכערט אונדז, אַז אַלע, אַלע זיינען דאָ יידן, ניטאָ אַפילו קיין שבת־גוי.

מיר זעצן זיך צו ביי אַ טישל אין אַ דרויסנדיקער קאַפע, אַלאַ פּאַריז, און באַשטעלן די באַרימטע עספּרעסאָ. עס איז שוין אָוונט. די נעאָן־שילדן לייכטן פריילעך אין פאַרשיידענע פאַרבן און צויבערן און ציטערן. עס דאַכט זיך מיר, אַז עס גייט אָן אַ פאַרמעסט צווישן זיי און די שטילע,

פאַרחלומטע ראָטשילד־אַלייען מיט די האַלב־פאַרמאַכטע בלומען, די דרימ־לענדיקע גראָזן און די פאַרליבטע פּאָרלעך, וואָס קומען זוכן ליבע.

דאָ אין קאַפע איז לעבעדיק. יונג און אַלט זיצן דאָ געמיטלעך און שמועסן פון אַלץ און פון אַלעמען, און פון גאָרניט. נאָך אַ טאָג אַרבעט, נאָכן רוטינעם טעגלעכן דרימל, טוט מען זיך איבער און מען קומט אין אַ קאַפע זיך טרעפן מיט מענטשן, מיט פריינד און פאַרברענגען. אָבער דאָס איז אַלץ אין מיטן דער וואָך. קומט שבת, קען מען קיין טישל ניט קריגן אין קיין איין קאַפע. גאַנץ תל־אביב גייט שפּאַצירן, לשם שפּאַצירן טאקע. אויסגעפּוצט שבתדיק, גייען טאַטע־מאַמע מיט אַלע זייערע קינ־דערלעך. מען שטעלט זיך אָפּ דאָ און דאָרט כאַפּן עפּעס אַ נאַש, קיין אַנדערע זאַכן קויפן קען מען ניט, די געשעפטן זיינען געשלאָסן, אָבער קאַפעען זיינען אָפן.

— וואו גייט מען ביי אייך שפּאַצירן שבת? — גיט מיר פּלוצלונג אַ פרעג דער דאָקטאָר. איך ווער פאַרטשמעליעט פון אַזאַ פראַגע און קוק אים אָן ווי משוגע:

— וואָס הייסט ביי אונדז גיין שפּאַצירן? ווער גייט עס גלאַט שפּאַצירן ביי אונדז? בלויז דער עקס־פרעזידענט טרומאַן, ווייל ער איז אַ ליידיקגייער. אַלטע לייט, וואָס האָבן אויך ניט וואָס צו טאָן און מיינען אַז ס'איז אַ סגולה צו אריכת ימים און יונגע מאַמעס מיט קליינע קינדער גייען שפּאַצירן אַריינצוכאַפּן אַ ביסל פרישע לופט. מיר, אַרבעטס־מענטשן, נאָך אַ וואָך פון מי און אַרבעט, זיינען צופרידן צו זיצן שבת און זונטיק אין שטוב און זיך אָפּרוען. אַמאָל טרעפט נאָך, אַז קיין אונטער־נעמונגען זיינען אויך ניטאָ, גייט דיין פעטער פון שטוב ניט אַרויס פון פרייטיק אָוונט ביז מאָנטיק פרי. אַ סברא, אַז דיין פעטער האַלט פון פּסוק: המאחרים לצאת ומהררים לבא... איך טענה צו אים: גיי אַרויס, כאַפּ אַ ביסל פרישע לופט, אַפילו אַ הונט פירט מען דאָך אויך אַרויס איין מאָל אַ טאָג, און ער רירט זיך ניט פון אָרט. אָבער גיין שפּאַצירן, ווי איר דאָ?! דו האָסט אַ באַגריף ווי ניו־יאָרק וואָלט אויסגעזען, ווען אַלע לאָזן זיך אַרויס שפּאַצירן אויף טאַימס־סקווער? אַלע פּאָליציי־לייט און אַלע פייערלעשער פון דער שטאָט וואָלטן ניט געווען גענוג איינצוצאַמען אַזאַ מאַסע און האַלטן אָרדענונג. וועסט מיר מוחל זיין, זאב, מיין דאָקטאָר, אַז מיט דעם ווייזט איר אַרויס אייער קליינשטעטלדיקייט. ווי האַרמאָ־ניזירט זיך דאָס אַזאַ פירונג מיט אַזאַ שטאָטישן פאַרנעם ווי תל־אביב?

אָבער איך האָב אַ שטיקל טעות געהאַט, צו פרי געמאַכט דעם חשבון. אין איינעם אַן אָוונט, אויף אַ סימפאָנישן קאָנצערט אין היכל התרבות, האָב איך דערקענט דעם שפּאַצירנדיקן קליינשטעטלדיקן עולם. קודם־כל דער זאַל אַליין. דער היכל התרבות איז געבויט לויט דעם

נייעסטן סטיל אין אַרכיטעקטור און גיט צו תל־אביב אַ סך שטאָלץ און שיינקייט. נאָך איידער דו זעסט, אָדער הערסט עפּעס, ווערסטו שוין אָנגעשטעקט מיט עפּעס אַ גייסטיק נשמה־יתירהדיקן געפיל. עס דאַכט זיך דיר, אַז דער עולם איז דאָ אַ געקליבענער און דו פילסט זיך געהויבן צו האָבן די זכיה צו זיצן מיט אַזאַ עולם. אַ שאָרך האָט מען ניט געהערט, שוין אָפּגערעדט וועגן הוסטן אָדער סקריפּען פון בענקלעך, ווי עס טרעפט זיך ביי אונדז אין ניו־יאָרק. איין מאָמענט האָט מיין האַרץ זיך שיער ניט אָפּגעשטעלט. עס איז געווען איינער פון יענע מאָמענטן, ווען דער עולם מאַכט אַ טעות און פּלאַצט אַרויס מיט אַפּלאָדיסמענטן,ביים פאַרענדיקן אַ טייל פון דער סימפאָניע, אָבער דער עולם האָט גראָד געוואוסט און געזעסן רואיק, פאַרזונקען און מיטגעריסן מיט דער הער־לעכער מוזיק. איך האָב זיך דערפילט שטאָלץ און דערהויבן.

לאַנג בין איך געווען אונטערן איינדרוק פון אָט דעם אָוונט, ניט בלויז פון קאָנצערט, נאָר פון דעם האַלטן זיך פון עולם אויך. איך האָב נאָך געהאַט אַ סך געלעגנהייטן צו טרעפן אַזאַ עולם ביי פאַרשיידענע אַנדערע אונטערנעמונגען, ווי אין יידישן טעאַטער, ביי דער פייערונג פון וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד. זיי האָבן מיך קיין איין מאָל ניט אַנטוישט.

תל־אביב־יפו, צוויי שוועסטער. איינע אַ פאַרעלטערטע, אַן אָרעמע, כמעט אַ פאַרלאָזענע; די צווייטע — אַ יונגע, לעבעדיקע, בליענדיקע בלום. איינע האָט אויסגעהאָדעוועט די צווייטע. איך האָב איךביידן ליב: איינס מיט רחמנות, דאָס צווייטע מיט באַוואונדערונג.

# ד״ר זאב יוניס

אייגנטלעך דאַרף ער הייסן יאַניש, — אַן אמתער עכטער פּראָדוקט פון דער דינאַסטיע יאַניש, אָבער צוליב פאַרשיידענע סיבות און טעמים, האָט ער געביטן דעם נאָמען אויף יוניס, מיטן אַקצענט אויפן לעצטן טראַף, יו־ניס. אפשר דערפאַר, וואָס ער איז אַזאַ גרויסער פּאַטריאָט, האָט ליב דאָס לאַנד זיינס מיט לייב און לעבן, וויל ער, אַז זיין נאָמען זאָל קלינגען מער ישראלדיק; אפשר צוליב זיין טיטול דאָקטאָר, וואָס גיט אים צו אַזאַ פאַרנעם, פּרעסטיזש און כבוד — וואָס איז דער אונטערשייד? זאָל זיין יו־ניס, ווי זאָגט טוביה דער מילכיקער: אגיל ואשמח — קיילעכדיק און שפּיציק...

איך האָב ניט געקענט דעם דאָקטאָר פון פריער, ניט אים און ניט די גרויסע, פאַרצווייגטע פאַמיליע יאַניש, קיין עין־הרע, נאָר דערקענט האָב איך אים אַ ביסל פון זיינע בריוו, וואָס האָבן געווייעט מיט אַזוי פיל ליבע און מסירת־נפש צו זיין לאַנד. אין איינעם אַ בריוו אַזאַ, געשריבן פאַר פּורים, שרייבט ער אַזוי:

„עס בליען די בלומען ביי אונדז אַזוי שיין, דער הימל איז בלויער ווי אומעטום. פון די פּרדסים גייען אויף ריחות נאָר שכור צו ווערן. די פענצטער זיינען אָפן און קינדערלעך, ישראל־קינדערלעך, שפּילן זיך אַזוי זאָרגלאָז... די מאַמעשי באַקט המן־טאַשן און עס דערמאָנט זיך מיר, ווען איך און דו, חיים, האָבן אין דער היים געטראָגן דעם שלח־מנות... חיים, וואָס זיצסטו דאָרט אין דיין אַמעריקע! וואָס קומסטו ניט אַהער? ראַטעווע זיך, אויב ניט דיך אַליין, שיק כאָטש אונדז די קינדער אייערע! ראַטעווע זיי, כל־זמן ס׳איז נאָך ניט צו שפּעט!״.

איבערלייענענדיק אַזאַ מין בריוו, בין איך געבליבן געפּלעפּט און מיט גרויס בענקשאַפט אים מקנא געווען: געוואַלד, הלוואי וואָלט איך געקענט אַזוי שטאַרק גלויבן!

און אָט שטיי איך פאַרן בעל־דבר אַליין: צוערשט האָב איך דערזען אַ בויך, אַזאַ קיילעכדיקער, באַלעבאַטיש, קען מען זאָגן. נאָכער אַ ברייט־אָפענעם פּנים מיט אַ פליישיקער נאָז, באַזעצט מיט ברילן און אַ פּאָר מילדע בלויע אויגן, וואָס קוקן דיך אָן מיט אַזאַ פּשטות און — זעען דיך ניט. ס׳הייסט, זען זעען זיי דיך יאָ, נאָר קוקן דורך דיר, איבער

דיר, אַרום דיר און אומעטום. און ער לאָזט דיך לאַנג ניט וואַרטן און הייבט באַלד אָן:

— ווי געפעלט דיר עפּעס די שיף, פעטער חיים? דו ווייסט כאָטש, אַז דו ביזט געפאָרן אויף אַ יידישער שיף, דורכאויס יידיש, הערסט: דער קאַפּיטאַן, די מאַטראָזן? וואָס זאָגסטו עפּעס צו די מאַטראָזן, האַ? מען קען זיך אויף זיי פאַרלאָזן, זיי ווייסן שוין ווען אַריינצוקומען, ניין? נו, און טאָמער האָט מען זיך פאַרשפּעטיקט אַ ביסל, טאָ וואָס איז? מה רעש? ס׳איז דאָך אַ יידישע טבע אַזאַ! איר אַמעריקאַנער, נאָר איר איילט זיך. איר האָט קיינמאָל קיין צייט ניט. וואָס ווייסט איר פון אַ לעבן!

דאָס איז געווען בלויז די הקדמה, באַלד ביים אַראָפּטרעטן פון דער שיף און נאָכדעם איז דאָס שוין געגאַנגען ווי אַ מזמור.

באַלד צומאָרגנס האָט ער אונדז גענומען באַקוקן גבעתיים און כדי הנאה צו האָבן פון דער שיינער פּאַנאָראַמע פון תל־אביב ביינאַכט, זיינען מיר אַרויפגעקראָכן אויפן הר קאָזלאָווסקי. עס האָט מיר ממש פאַרכאַפּט דער אָטעם: די שטאָט איז געלעגן אויסגעשפּרייט ווייט אַרום, געפינקלט מיט אַלערליי קאָלירטע פייערלעך און גערופן צו זיך... דאָ אויפן באַרג, אין דער געדיכטער טונקלקייט פון דיביימער, האָט געהויכט מיט סודות־דיקער שטילקייט. אַ שטיקל לבנה, האַלב־באַהאַלטן, האָט שטיפעריש פאַרשעמט געקוקט מיט איין אייגל... און ווייט, אונטן, איז געלעגן די שטאָט, פול מיט לוסט און לעבן און גערייצט...

— נו, מומע ריווע — האָט מיך דער דאָקטאָר אויפגעוועקט פון מיין פאַרווירטקייט — ביסט דאָך עפּעס אַ שטיקל פּאָעטעסע, ווי געפעלט דיר אַזאַ שיינקייט? קענסטו דאָס זען אין ניו־יאָרק? דו זעסט די פייערלעך דאָרט? דאָס זיינען ניט סתם פייערלעך. דאָס זיינען יידישע נשמות וואָס פינקלען! וואַרט, וואַרט, דאָס איז נאָך גאָרניט. האָסט נאָך גאָרניט געזען. וועסט זיין אין גליל, וועסטו דאָרט זען אַ שיינקייט, וואָס מע קען משוגע ווערן! איך אַליין, וויפיל מאָל איך זאָל עס ניט אָנקוקן, ווער איך אויס מענטש.

און אַזוי איז עס טאַקע. ד״ר יאָניש ווערט „אויס מענטש״ ביי יעדער געלעגנהייט, ביי יעדן באַזוך פון אַ קיבוץ, ביי יעדן אַרויספאָר. דעם פעטער חיים פאַרדריסט שטאַרק פאַרוואָס עפּעס מאַכט מען אַוועק מיט דער האַנט, אַזוי ניט מיר, ניט דיר, אַזאַ כרך ווי ניו־יאָרק און ער הייבט אָן פאַרטיידיקן זיין לאַנד, ווי עס פּאַסט פאַר אַזאַ געטרייען פּאַטריאָט. אָבער דער דאָקטאָר לאָזט זיך ניט און דאָ הייבט זיך אָן די אמתע מלחמה. דער שמועס גייט אומגעפער אַזוי: אייגנטלעך איז דאָס ניט קיין דיאַלאָג, גיכער אַ מאָנאָלאָג, ווייל איינער לאָזט דאָך דעם צווייטן ניט

ענדיקן. בלייבט שוין פעטער חיים אָן לשון, וואָס דאָס איז שווער זיך פאָרצושטעלן, ווייל ער מוז אַלע מאָל האָבן דאָס לעצטע וואָרט. אָבער וואָס זאָל מען טאָן? אַ ייד איז אין גלות...

און דער דאָקטאָר הייבט אָן:

— זעט, קינדער, קוקט אָן דעם כביש. דאָס האָבן יידן אים געמאַכט. איר פילט ווי גלאַט עס פאָרט זיך איבער אים? יידישע הענט, מיט בלוט און מיט שוויס!

נאָר פּלוצים גיט דער אויטאָ אַ שפּרונג אונטער, אַ האָצקע, אַזש די קעפּ האַקן זיך אָן אָן סופיט, די ציין ווערן פאַרשטשעמעט און די קישקעס קריכן שיער ניט אַרויס פונעם בויך...

„שמע ישראל״ — וויל איך אויסשרייען — נאָר דער דאָקטאָר ווערט ניט נתפעל. ביי אים איז עס, ווייזט אויס, קיין נייעס ניט. ער זאָגט, אַז דאָס, די גריבער, הייסט עס אין כביש, איז אַן איבערבלייבעכץ נאָכן ענגלישן מאַנדאַט. דאָס האָבן די ענגלענדער אַזוי פאַרענדיקט, ווייל ביי זיי איז געווען אַן אַנדער אויסרעכענונג. ס׳איז נאָך פון יענע צייטן, ווען זיי האָבן אונדז ניט צוגעלאָזט אינגאַנצן. אָבער די ריחות, איר פילט די ריחות פון די פּרדסים? שמעקט, קינדערלעך, שמעקט, אַזאַ מין ריח קענט איר אין ניו־יאָרק ניט האָבן! און אָט פאַרפאָרט ער ערגעץ פון גרויס התפעלות און ווייס ניט דעם וועג. טרעפט ער אָן אַ ייִנגעלע און ער פרעגט אים. און דאָס ייִנגעלע, ווי אַלט ער זאָל ניט זיין, זאָגט אים פאַנאַנדער ריכטיק, ווי אַ געניטער דרייווער. דער דאָקטאָר ווערט צעשמאָלצן:

— וואָס זאָגסטו, פעטער חיים, צו אונדזערע קינדער דאָ? האָסטו געזען אַזאַ ייִנגעלע מיט אַזעלכע אייגעלעך? האָסטו געזען ווי ער האָט געמאַכט מיט די הענטלעך? נו, קען דאָס אַזוי מאַכן ביי אייך אין ניו־יאָרק אַ קינד? וואָס ווייסט איר, וואָס ווייסט איר פאַר אַ קינדער מיר האָבן דאָ! קוקט אויף דער לאַנדשאַפט, זעט די פעלדער, זעט דיביימער, קענט איר דאָס געפינען ביי אייך?

און אַז פעטער חיים פרואווט אים דערקלערן, אַז אויסער ניו־יאָרק זיינען אויך דאָ שיינע לאַנדשאַפטן און פאַנאָראַמעס, ווערט יענער אַן אָנגעצונדענער און הייבט אָן שרייען:

— דו פאַרגלייך נאָר ניט צו ניו־יאָרק! עס איז גאָר קיין פאַרגלייך ניט! מוזט זיין פאַרטייאיש? קענסט ניט קוקן מיט ניכטערע אויגן און זען ווי אַ מענטש, ווי אַ ייד דאַרף זען?! באַלד הייבט ער אָן מיט זיינע פאַרגלייכונגען. טו מיר אַ טובה און הער אויף! איך קען עס ניט פאַרטראָגן. מיר האָבן דאָ געוויטיקט און געבלוטיקט איבער יעדן שפּאַן ערד! — די ברילן טאַנצן אים בשעת מעשה אַראָפּ אַ ביסל נידעריקער אויפן נאָז, און

די בלויע אויגן זיינע קוקן דיך אָן אַזוי אומשולדיק, מיט אַזוי פיל איבער־צייגונג און מסירת־נפש, אַזש עס נעמט מיך אָן אַזאַ רחמנות און אָפּשיי צו דעם איבערגעטריבענעם אידעאַליסט, אַז ווען ער הייסט מיך אַראָפּ־שפּרינגען פון די הרי נוצרת אין כנרת אַריין, וואָלט איך — זיך מישב געווען...

אין די אָוונטן פלעגן מיר זיצן געמיטלעך ביי אַ גלעזל טיי און אַרומ־ריידן די פּלעצער און שטעט, וואָס מיר דאַרפן נאָך זען. ד״ר יוניס קען דאָס לאַנד ווי זיינע צען פינגער, און דאָס לאַנד, ווייזט אויס, קען אים אויך. אומעטום האָט ער אַ חלק אין אויפברענגען אַ יונגן, געזונטן דור, סיי פיזיש, סיי גייסטיק, אין די ערשטע צייטן אונטער שרעקלעך־שווערע באַדינגונגען. לויב־אַרטיקלען, לויב־בריוו און געזאַנגען זיינען געווען און זיינען נאָך איצט זיין שכר־הטרחה. עס איז גענוג צו דערמאָנען זיין נאָמען און מענטשן הייבן אָן צו דערציילן מעשיות און לעגענדעס, מיט נסים ונפלאות, ממש פון טויט לעבעדיק געמאַכט, פריער ער, נאָכער גאָט... נאָר ער איז באַשיידן, וועגן זיך רעדט ער זייער ווייניק. דאָס לאַנד זיינס קומט צוערשט. זיין געליבטע איז די מולדת און מאַרטאַ זיין ווייב. ניט קיין שלעכטער אויסוואַל פוןביידן!

# די גרוסן־אָפּנעמער

די ערשטע וואָך נאָך אונדזער אָנקומען קיין ישראל, האָבן מיר באַשלאָסן זיך אָפּצורוען פון דער לאַנגער, פּײַנלעכער רײַזע, זיך באַקענען נענטער מיט די מיטגלידער פון דער פאַמיליע און דערווײַל זיך אויך באַקענען נענטער מיט תל־אביב, פון צײַט צו צײַט זען וואָס דאָרטן טוט זיך. איך האָב דערווײַל געטראַכט אויסצונוצן די צײַט אויף אָפּצוגעבן גרוסן: ווען עמען עס קומט זאַכן, וועמען געלט, און סתם גרוסן, האַרציקע, אָבער טרוקענע... דאָס לעצטע איז מיר ניט געווען אַזוי אָנגענעם, ווײַל, אַז מען קומט שוין, ווײַל מען דאָך יענעם מיט עפּעס מהנה זײַן!

— נאַט, דאָס האָט אײַך געשיקט אײַער ברודער פון די בראָנקס!

אָדער: נאַט, דאָס האָט אײַך געשיקט אײַער שוועסטער פון ברוקלין. אָבער, אַז יענע האָבן מיר פאַרזיכערט, אַז זיי דאַרפן לחלוטין גאָרניט, פאַרקערט, אין אַ סך פּרטים זײַנען „זיי" דאָרטן נאָך רײַכער פון זיי דאָ, האָב איך עס אַראָפּגעשלונגען און געטראַכט, אַז אויפן ערגסטן פאַל וועט אַ גלעזל טיי זײַן בסדר.

איך האָב געהאַט אַ היפּשן באַגאַזש מיט זאַכן אויסצוטיילן. וועמען גאַנצע פּעק אײַנגעפּאַקט אין קעסטלעך, אין וואַליזעס, און וועמען באַזונדערע שטיקער, אײַנגעפּאַקט אין מײַנע זאַכן, מיטן נאָמען און אַדרעס אויף אַ צעטעלע צוגעשפּילעט. אויסער דעם האָב איך געדאַרפט געדענקען ביים פאַרשרײַבן אין מײַן ספר הזכרונות, אַז אײַנע אַ מומע האָט געשיקט אירן אַ פּלימעניק און אַ פּלימעניצע צוויי טוצן שטשערקעס (אַזוי ווי אין ישראל וואָלט ניט געסטייעט קיין שטשערקעס) — מילכיקע און פליישיקע. איך האָב עס געדאַרפט צעטיילן אויף דער העלפט ביים אָפּגעבן. די מילכיקע זײַנען געווען מיט בלויע פאַסן און די פליישיקע מיט רויטע, אָדער פאַרקערט. אַמלייכטסטן איז מיר געווען מיט געלט. געלט, האָב איך געזאָגט, וועל איך נעמען וויפיל נאָר איר וועט מיר געבן. די בעסטע זאַך איז געלט, האָב איך זיי געפּרואווט אײַנריידן. פאַר געלט קריגט מען אַלץ. אַ סך האָבן זיך טאַקע געלאָזט אײַנריידן און מען האָט געגנתנט, יעדער אײַנער לויט זײַנע מעגלעכקייטן. איך האָב דאָס אַלץ גענוי פאַרשריבן אין אַ ספּעציעלן ביכעלע, פון וועמען צו וועמען, פאַרשפּאָרט מורא האָבן פאַרן טראָגן, אָפּצאָלן און אַנדערע צרות. כדי צו זײַן נאָך זיכערער, בין איך געפאַלן אויף אַ געניאַלן פּלאַן: איך האָב אויפגעגנייט אַ פײַנעם לייוונטענעם וואַסער־פּרואוו גאַרטל, מיט צוויי היפּשע אַראָפּהענגנדיקע

קעשענעס, מיט זיפּערס פֿאַר דעם געלט און דאָס געטראָגן בפּועל ממש אויף מיין לייב די גאַנצע צייט פֿון מיין נסיעה. אמת, אַמאָל פֿלעגט מיר עפּעס אַ קיצל טאָן, אָדער גאָר בחרפּתי אַ שמאַרץ טאָן, אָבער מען גיט זיך אַן עצה: אַ טשוכע אַהער, אַ קראַץ אַהין, און שוין. נאָך יענעם טאָג, ווען איינע האָט פֿאַרגעסן ערגעץ איר האַנט־בייטל אויף דער שיף און קיינער האָט עס ניט געפֿונען, אַזוי ווי אין ים אַריין — יענעם טאָג האָב איך אינסטינקטיוו זיך כסדר געהאַלטן פֿאַרביידע זייטן בויך, דאָרטן וואו די קעשענעס זיינען געהאַנגען. אַז מיין אַלמנהלע האָט מיך געפֿרעגט וואָס מיר איז, האָב איך געמוזט זיך מודה זיין אויף פֿאַלשע בויכווייטיק.

— וואָס זאָגען זי — האָט זי זיך צעלאַזט אויף איר דייטשישן שטייגער — דאָס שוויינען־עסן היר איזט אומדערטרעגלעך!... אונד איך מיט מיינען מאַגען איזט אַוך שלים, דאָס די פּלאַומענזאָפּט אַרבעטעט ניכט זאָ גערנע...

— איצט, האָב איך געטראַכט, נאָך אַזאַ שווערן טראָגן, וועל איך האָבן אַ גרינגן האָבן. וואָס גיכער פּטור צו ווערן פֿון דעם געלט און פֿאַר־שפּאָרן היטן יענעמס האָב־און־גוטס. און די זאַכן אויך, ליגן אָנגעוואָרפֿן אין אַלע ווינקעלעך און מען קען זיך ניט אַ קער טאָן! ס'איז אָבער ניט געווען אַזוי איינפֿאַך: דער טראָגן איז אַ גאָרניט געווען אַקעגן דעם „האָבן״, און געהאַט האָב איך איבערגענוג!

די ערשטע זאַך האָב איך איינגעקויפֿט אַ וואַסערע 25־30 קאַרטלעך און אַלעמען געלאָזט וויסן, אין זעלבן נוסח, אַז אין דעם און דעם טאָג קאָנט איר קומען אָפּנעמען אַ לעבעדיקן גרוס און נאָך עפּעס פֿון אייער ברודער, שוועסטער, מומע, קרובים — ווער עס זאָל ניט זיין. אויב איר קענט ניט קומען דעם טאָג, לאָזט מיר וויסן, וועל איך אייך באַשטימען אַן אַנדערן.

אָפּגעוואַרט צוויי טעג, האָבן זיך אויפֿן דריטן טאָג אַ לאָז געטאָן געסט, איינער נאָכן אַנדערן, און אָפּטמאָל צוויי פֿאַר אַ מאָל. איך וועל קיינמאָל ניט פֿאַרגעסן דעם ערשטן, וואָס האָט זיך געפּעדערט אַזוי פֿרי, אַז אַלע זיינען נאָך כמעט געשלאָפֿן, עס איז קוים געווען זיבן דער זייגער. ניט זיכער, פֿאַרשעמט אַ ביסל, איז ער געשטאַנען ביי דער אָפֿענער טיר און מיט ביידע הענט געדרייט נערוועז זיין היטל. לסוף איז ער אַרויס פֿון זיין פֿאַרלאָרנקייט, אָנגעטאָן צוריק דאָס צוקנייטשטע היטל און אַרויס־געקראַצט ערגעץ פֿון זיין בוזים־טאַש מיין קאַרטל, וואָס כ'האָב אים געשריבן. דאָס איז געווען זיין פֿאַרשטעלן זיך פֿאַר מיר. איך האָב אים געבעטן זיך זעצן, געוואָלט אים מכבד זיין מיט טיי, אָבער ער האָט זיך געאיילט. ער דאַרף נאָך פֿאָרן אַרבעטן, דערפֿאַר טאַקע איז ער געקומען אַזוי פֿרי, שוין אפשר אַ ביסל צו פֿרי, האָט ער אַליין צוגעגעבן. אָפּגעצאָלט אים דאָס געלט, אויסגעשטראָכן זיין נאָמען אין מיין ביכל און גרייט געווען פֿאַר נייע באַזוכער.

יענעם טאָג, ביז שפּעט אין אָוונט, האָב איך אפשר געהאַט אַ צוואַנציק באַזוכער. דעם קאָפּ האָב איך ניט געפּילט אינגאַנצן, דערפאַר איז מיר דער בויך געוואָרן אויפגעבלאָזן און פול, אַלץ צוליב דעם, וואָס כ׳האָב געמוזט מיטהאַלטן מיט יעדן איינעם טרינקען טיי... אָבער ניט אַלע האָבן זיך אָפּגעפּאַרטיקט אַזוי גיך ווי דער ערשטער. ס׳זיינען אַפילו געווען אַזעלכע, וואָס האָבן גאָר אין זינען ניט געהאַט, אַז זיי דאַרפן שוין גיין אַהיים. אַנדערע האָבן געהאַט סתם טענות, אי צו מיר, אי צו דעם קרוב:

— וואָס הייסט, אָט דאָס אָ האָט ער מיר געשיקט? — האָט ער זיך מיט מיר געדונגען — אָט צוליב דעם האָב איך זיך געדאַרפט שלעפּן אַזוי וויט און בייטן צוויי אויטאָבוסן, און צעשלאָגן אַ טאָג אַרבעט — פאַר דאָס אָ?! ער איז קראַנק געווען צו שיקן עפּעס מער? נשקשה אין קאָרטן פאַרשפּילט ער דאָרטן מער אין איין אָוונט, וויפיל איך פאַרדין דאָ אַ וואָך!

עס האָט ניט געהאָלפן מיין טענהן צו אים, אַז איך בין גאָט די נשמה שולדיק, אַז כ׳גיב אים דאָס, וויפל עס קומט אים, אַז אויב ער גלויבט ניט, וועל איך אים ווייזן שוואַרץ אויף ווייס — און שטופּ אים מיין ביכעלע מיט זיין נאָמען גלייך אונטער זיין נאָז. ער לאָזט זיך ניט טרייסטן, גיט בטולדיק אַ מאַך מיט דער האַנט און שאָקלט זיך אָפּ ווי פון עפּעס אַ שרץ... צום סוף פאַרזיכערט ער מיר, אַז צו מיר האָט ער טאַקע גאָרניט און מיט אַ שוואַכן שלום און אַ שטאַרקן קלאַפּ מיט דער טיר, טראָגט ער זיך אַוועק.

אַ פּאָרפאָלק איז געקומען. ער, הויך און דאַר ווי אַ לולב, און זי גראָב און קיילעכדיק ווי אַ פעסל מיט אַ פּאָר קורצע, דיקע פיס. דער קאָפּ איז איר געווען טיף אַריינגערוקט אין די אַקסלען, כמעט אָן אַ האַלדז און געסאָפּעט ווי אַ גאַנדז. ביידע זיינען אַרבעטס־מענטשן. אַר־בעטן, אַרבעט בלויז זי, ער איז שוין אויף פּענסיע און „אַרבעט אונטער״ צו ביסלעך. זי אַרבעט אין אַ רעסטאָראַן, וואָלט זי זייער געוואָלט, אַז די שוועגערן זאָל איר שיקן אַ גוטן גאָרסעט, ווייל זי איז אַ ביסל צעשוואומען.

— איר ווייסט דאָך — גיט זי מיר צו פאַרשטיין — אין אַ רעסטאָראַן קומען אַריין אַלערליי מענטשן, עס איז מיר פּשוט ניט וויגאָדנע, אַ ביסל פּריקרע, מיט אַזאַ אויסזען. און פאַר איין גאַנג זאָגט איר שוין, אַז זי זאָל מיר אַזוי גוט זיין און שיקן אויך אַ פּאָר גומענע זאָקן. מיינע פיס זיינען מיר געשוואָלן, ניט פאַר אייך געדאַכט, פון אַ גאַנצן טאָג שטיין און אַרומפּאַדען. איר זעט אַ פּאָר רגלים?

אוודאי האָב איך זיי געזען, און די ידים זיינען אויך ניט דין, ווי

האַליאַבלעס, אָבער עס וועט איר העלפן די אַלע זאַכן ווי אַ טויטן באַנקעס! זאָל זי ניט פּרעסן אַזוי פיל. אָבער צו איר האָב איך אויסגע־דריקט מיין גרעסטע סימפּאַטיע, מיט מיין טיפסטן מיטלייד, און איר פאַר־זיכערט, אַז כ׳וועל זיכער איבערגעבן איר בקשה.

אַן אַנדערער איז געקומען מיט אַ טענה, אַז די זאַכן וואָס מע שיקט אים טויגן צו גאָרניט. ניט עס איז פאַר זיין מאָס, ניט עס פּאַסט זיין פרוי, און בכלל זיינען זיי שמאַטעס פעדרווי סאָרט, אַרויס שוין לאַנג פון דער מאָדע, עפּעס פון כמעלניצקיס צייטן, אַז אַפילו די בעדואינקעס ווילן עס ביי אים ניט אָפּקויפן. יעדעס מאָל קאָסט נאָך אים קבורה־געלט: ער באַדאַרף באַצאָלן פאַר די שמאַטעס שיינע עטלעכע פונט ביים אָפּנעמען.

— זאָגט מיר נאָר, זאָלט איר האָבן אַזאַ נחת, אַזעלכע זאַכן טראָגט מען טאַקע ביי אייך אין דער רייכער אַמעריקע?

אַ פרוי איז אַריינגעפאַלן ניט־טויט, ניט־לעבעדיק, מיט אַ גרויס געוויין. זי האָט צעטומלט זיך אַרומגעקוקט און עפּעס ניט געגלויבט אירע אייגענע אויגן: זי האָט זיכער געמיינט, אַז זי האָט דאָ פאַר־בלאָנדזשעט, דערזעענדיק אַזאַ פּאַלאַץ אַנטקעגן איר אָרעמער וואוינונג. יאָ, זי קומט טאַקע פון יפו און כאָטש ס׳איז ניט ווייט פון גבעתיים, האָט עס גענומען ביי איר אַזוי לאַנג, אַזוי לאַנג ווי זי איז געווען אין קאָנצענטראַציע־קעמפּ, ווייל זי קען ניט פאָרן, אַ קראַנקער, חרובער מענטש. באַלד פאַרוואַרפט זי מיטן קעפּל און הייבט אָן מיט אַן איכה־ניגון צו דערציילן איר טרויעריקע געשיכטע:

— איר ווייסט וואָס דאָס מיינט אַרויסצורייסן ביי אַ מאַמען פון די הענט אירע דריי שיינע קינדערלעך און זיי דערהרגענען פאַר איר אין די אויגן? דערהרגענען דעם מאַן און לאָזן זי לעבן, כדי זי זאָל זיך מוטשען? זאָל דאָס קיינער ניט געפרואווט ווערן. גיט אַ קוק אין מיין קאָפּ — בויגט זי איין איר קאָפּ און רוקט זיך צו צו מיר נענטער — זעט — מישט זי מיט אַ פינגער די האָר, אַזוי ווי זי וויל עפּעס געפינען דאָרט — דאָ איז עפּעס אַ צרה. דאָ האָט מען מיר געקלאַפּט און געהאַקט. דאָ טוט מיר וויי.

זי האָט אָנגעהויבן רעדן ניט געשטויגן, ניט געפלויגן, עפּעס גאָרניט צו דער זאַך. ערשט איצט האָב איך זיך געכאַפּט און דערמאָנט אָן איר שוועסטער׳ס אָנזאָג: איך זאָל ניט מאַכן מיט איר קיין גרויסע צערע־מאָניעס, ווייל זי איז נעבעך ניט מיט אַלעמען...

אַ סקרוך גייט מיר דורך איבערן לייב און מיין הויט ווערט געגרונצלט. איך פיל ווי מיינע אויגן ווערן וואַרעמער, הייסער און די נאָז הייבט שוין אָן צו סמאַרען, נאָך אַ מינוט און איך וואָלט אַריינגעצויגן געוואָרן אין

דער מגילת־איכה טראַגעדיע, ווען ניט חיים, וואָס איז געזעסן אומשולדיק אָן אַ זייט און זיך צוגעקוקט צו דער סצענע. ער האָט איר איבערגעריסן אין סאַמע דראַמאַטישן מאָמענט און אויף אָן איידעלן אופן, ווי ער קען נאָר, געזאָגט, אַז מיר מוזן ערגעץ באַלד אַוועקגיין. צו מיר האָט ער שטילערהייט, אָן אַ זייט, אַ זאָג געטאָן:

— וואָס האָסטו זיך אַריינגעלאָזט מיט איר אין אַזעלכע יעלות? זעסט ניט, אַז זי איז גערירט אויפן זינען? באַלד האָט זי געביטן איר טאָן און ווי אַלע אַנדערע פאַר איר, האָט זי אויך אָנגעהויבן מיט טענות און פּרעטענסיעס:

— סטייטש, אַזאַ שוועסטער, פאַרמעגלעך, קיין עין־הרע, זאָל ניט וועלן העלפן אַ לייבלעכע שוועסטער, אַ קראַנקער, צעבראָכענער שאַרבן! די צען דאָלאַר, וואָס זי האָט געשיקט מיט אייך, וואָלט זי אויך ניט געשיקט, נאָר זי האָט זיך געשעמט פאַר אייך! זאָגט עס איר, אַז איך האָב אַזוי געזאָגט. זאָל זי וויסן!

כמעט ווי מיט געוואַלד האָבן מיר געמוזט זי נעמען צום אויטאָבוס, זי אַריינזעצן דאָרטן צו פאָרן אַהיים. פון ווייטן האָב איך געהערט, ווי זי האָט נאָך אַלץ אַרויסגערעדט דורכן פענצטער פון באָס, זאַכן, וואָס איך זאָל דערציילן איר שוועסטער.

דער לעצטער באַזוכער האָט מיך געקאָסט אַ האַלבן דאָלאַר, מיט רייזע־הוצאות נאָך. די מעשה דערפון איז געווען אַזאַ: עס איז געווען אַזאַ נישטיקע סומע ווי 6 דאָלאַר. וואָס פאַר אַ חשבון איז צו שיקן זעקס דאָלאַר? מען שיקט פינף, צען, אָבער זעקס? איז מיר באַלד טאַקע ניט געפעלן געווען ביים נעמען, אָבער מע קען דאָך ניט זאָגן יענעם דעות וויפיל! ס'איז מיר אָבער ערגער ניט געפעלן געוואָרן ביים אָפּגעבן, ווייל גראָד האָט זיך מיר אַזוי אויסגעדרייט, אַז כ'האָב ניט געהאַט קיין איינצלנעם דאָלאַר ביי זיך, און קיין ישראל־פונטן האָב איך נאָך אויך ניט געהאַט, איז געבליבן אַ פּשרה: ער זאָל מיר געבן פון צען דאָלאַר אַ רעשט אין ישראל־פונטן. דער חברה־מאַן האָט אָנגעהויבן אויפצוקלייבן זיינע געלטער פון אַלע פאַרבאָרגענע ערטער, אָנהייבנדיק פון די הויזן־קעשענעס, הינטער־קעשענעס, בוזים־קעשענעס, אויבער־קעשענעס, אויס־געקראַצט וואו נאָר אַ פּרוטה און צום סוף, ביים איבערציילן, האָט נאָך אַלץ אויסגעפעלט. ווייטער געזוכט און געגנישטערט און ווידער, ביז וואַנען עס איז מיר שוין געוואָרן אַ ביסל פריקרע, האָב איך אים נאָך צוגעגעבן קליינגעלט פאַרן אויטאָבוס צו פאָרן אַהיים — אַ צוגאָב צום האַלבן דאָלאַר. איך האָב אים פאַרזיכערט, אַז כ'וועל עס, אם ירצה השם, אויפמאָנען ביי זיין ברודער אין ניו־יאָרק. נאָך זיין אַוועקגיין האָב איך פרייער אָפּגעאָטעמט: פּטור געוואָרן פון די גרוסן!

# ירושלים

„כּי מציון תצא תורה ודבר ה׳ מירושלים״... דאָס איז געזאָגט געוואָרן אויף דיר, ירושלים, שטאָלצע טאָכטער פון ישראל. ווי ווייט איז שוין די צייט, ווען דאָס איז געזאָגט געוואָרן און עס גילט נאָך היינט אויך. אַזוי פיל שטורעמדיקע צייטן און עפּאָכעס האָסטו דורכגעמאַכט, אַזוי פיל מאָל געשענדעט און פאַראומרייניקט געוואָרן און דאָך ביסטו געבליבן ריין, אומשולדיק און שטאָלץ, ווי עס פּאַסט פאַר אַ יידישער טאָכטער. וויפיל פעלקער האָבן דיך געברענט און געבראָטן, דיינע בתי המקדש פאַראומרייניקט, פאַרברענט, דיך צעפּלמסט און צעשניטן אָן רחמנות מיט אומריינע הענט! האָסט געקעמפט ווי אַ טיגער מיט די לעצטע כוחות דיינע, מיט דיינע יונגע זין און טעכטער, וועלכע האָבן זייערע יונגע לעבנס מיט ליבשאַפט פאַר דיר אַוועקגעגעבן. די וואונד בלוטיקט נאָך, עס טוט וויי און עס וועט נאָך לאַנג בלוטיקן און וויי טאָן, ביז וואַנען עס וועט זיך פאַרהיילן, ביז וואַנען דיינע אַלע צעשפּליטערטע גלידער וועלן זיך צוריק איינוואַקסן אין דיר.

איך האָב געהערט פון דיינע גוואַלדיקע, העראָישע מעשים, ווי אַזוי דו האָסט זיך פאַרטיידיקט און געקעמפט פאַר דיין אומאָפּהענגיקייט, כמעט מיט ליידיקע הענט. ווי אַזוי איין ביקס האָט געוואַנדערט פון איין שיס־פּונקט צו אַ צווייטן, צו אַ דריטן. ווי אַזוי מען האָט אַרויסגעלאָזט צינד־באָמבעס מיט ליידיקע פלעשער און ביים פּלאַצן האָבן זיי געמאַכט אַזאַ טומל, אַז דער שונא איז אָפּגעטראָטן אין שרעק אויף צוריק...

עס איז געווען אַ קאַמף פון הויז צו הויז, אויף לעבן און טויט. ווער זאָגט עס, אַז עס זיינען ניטאָ קיין נסים היינט? ניט דער נס פון קרייזן די ערד רונד־אַרום, ניט דער נס פון פליען אין דער הייך צו דער לבנה און פּלאַנעטן, און קומען בשלום צוריק — דער נס איז נאָך דאָפּלט גרעסער, ווי דער נס פון די חשמונאים. אומעטום אַ הייפעלע אומבאַשיצטע, אומבאַוואָפנטע, קעגן עטלעכע סטאַדעס ווילדע וועלף!

מיט אַ באַזונדערן געפיל און גרויס יראת הכבוד בין איך געפאָרן אָנקוקן ירושלים. אַ זוניק צעשטראַלטער פרימאָרגן האָט מיך מיט חיימען אַרומגענומען נאָך איידער מיר האָבן זיך אַרויסגעלאָזט מיט דער טאַקסי „עתיד״. די לופט האָט געשמעקט, ווי שמעקנדיק, מיט פּאָמעראַנצן און בלומען. טייבעלעך האָבן געטירקלט און געברומט. אַ ליכטיגע בלויקייט

האָט זיך געצויגן העט־ווייט אַוועק, דין און דורכזיכטיק, אַזש מע האָט געקענט זען מײלן ווייט אַוועק... איך האָב ניט באַמערקט ווען די טאַקסי האָט זיך אָנגעפּילט מיט פּאַסאַזשירן, ניט געהערט אַפילו דעם ראַדיאָ שפּילן אינעווייניק. איך האָב קיין געדולד ניט געהאַט אויסצוהערן עמיצן, אָדער זיך אַריינלאָזן אין אַ געשפּרעך. איך בין געוואָרן בלויז אויג און אויער. אַ סימפאָניע האָט געשפּילט אין מיר! פּאַנאָראַמע האָט געטאַנצט צום טאַקט פון מוזיק.

לאַנג און ווייט ציט זיך דער וועג, געדרייט און געשלענגלט, באַרג־אַרויף, באַרג־אַראָפּ, דורך בערגלעך און טאָלן, דורך פעלדער און וועלדלעך. אומעטום זעט מען די געניטע אַרבעטסזאַמע האַנט, דאָס וואַכזאַמע אויג אויף די פעלדער און וועגן. ליגן פעלדער צעשפּרייט אין דער לענג און אין דער ברייט און אַלערליי שאַטירונגען פון גרין ביז גאָלדיק ברוין, ווי אָריענטאַלישע טעפּיכער און גיסן זיך צונויף אין ווייטע האָריזאָנטן מיטן בלוי פון הימל און גינגאָלד פון דער זון. אַ ביסל ווייטער דערנעבן ליגן פעלדער מעוברתע, צעאַקערטע אין שרונטן און בייטן. פאַרשידנ־פאַרביק זיינען זיי, די פעלדער, ווי מיר מענטשן: שוואַרצע, ברוינע, געלע און ווייסע. ליגן זיי איינס לעבן אַנדערן, אויסגעלייגט פרידלעכע, זאַטע און צופרידענע און וואַרטן אויף דער געבענטשטער שעה, וואָס וועט קומען, ווען זיי וועלן אַרויסגעבן פון זייער טראַכט די פרוכט און מיט דעם באַצאָלן די אַרבעטסזאַמע הענט, וואָס באַשיצן און באַוואַכן זיי. איבער די אַלע פעלדער צעזייט און צעשפּרייט אַרבעטן אַ מחנה באַוועג־לעכע וואַסער־שפּריצערס, ווי זילבערנע שעמטערלינגען וואָלטן זיך מיט אַ מאָל אַראָפּגעלאָזט פון ערגעץ און שטיפן אַרום, טאַנצנדיק הין־און־צוריק, פינקלענדיק אַנטקעגן דער זון מיט קאָלירן פון רעגנבויגן. די סימפאָניע אין מיר האָט זיך שטאַרקער צעשטורעמט. ערגעץ אין מיין מוח האָט אויפגעבליצט אַ סטראָפע פון פּרצן:

„שוואַרצע, ווייסע, ברוינע, געלע,
מיש די פאַרבן אויס צוזאַמען,
אַלע מענטשן זיינען ברידער
פון איין טאַטן, פון איין מאַמען..."

און נאָך אַ סטראָפע פון לייב ניידוסעס אַ ליד:

„אַ זון מיט אַ רעגן, אַ זון מיט אַ רעגן,
עס פינקלען מיר גאָלדענע טראָפּנס אַנטקעגן,
זיי לויכטן אין לופטן, און פאַלן אויף מיר,
ווי גאָלדענע פונקען אויף זיידענע שניר..."

איך האָב דערפילט אַ ברי אויף מיין באַק; אַ הייסע טרער האָט זיך אַראָפּגעקייקלט, זיך פאַרהאַלטן אַ ווייל און צוגלייך מיט די זילבערנע שמעטערלינגען פון די פעלדער זיך צעגליט מיט רעגנבויגן־קאָליר. נאָר אָט לאָזט זיך די טאַקסי אַראָפּ אַלץ נידעריקער און נידעריקער. מיט אַ מאָל ווערט טונקעלער און מיר שלייכן זיך אַריין אויף אַ שמאָלן וועג דורך אַ וואַלד. שיטערע ביימלעך, איינגעוואָרצלטע אין שטיינערנע בערג, ציען זיך עקשנותדיק אין דער הייך צום הימל, צו דער זון. זעלטן צו זען אַ גרעזל, אָדער אַ בלום. אַ מין אומעט האָט זיך אויסגעשפּרייט אויף דעם שטיקל שטח. אַפילו די זון האָט פאַרטרויערט געקוקט דורך די צווייגן. מיין סימפּאַניע אין האַרצן האָט זיך מיט אַ מאָל אָפּגעשטעלט. קילע פראָסטיקע ווינטלעך האָבן גערונצלט מיין הויט, פאַרקילט מיר דאָס בלוט, פון דעם בילד, וואָס איך האָב דערזען: פון ביידע זייטן שמאָלן וועג, לענג אויס דעם וואַלד, זיינען זיי געלעגן מיט די רעשטלעך און חורבות פון די גבורים, די יידישע זין און טעכטער. דאָרט וואו דעם שונאס האַנט האָט זיי געטראָפן, דאָרט זיינען זיי געפאַלן, געבליבן ליגן און זייער רו געפונען. שאַ, פּורמאַן, פאָר פאַמעלעך, שטער ניט די הייליקע רו! אָט איז אַן איבערגעקערטער אויטאָ, שוין פאַרזשאַווערט, אָבער אַ פרישער קראַנץ רויטע בלומען ליגט אויף אים מיט אַן אויפשריפט: „ליג אין רו, מיין זון, מיין טרייסט, דיין עלנטע מאַמע”. נאָך קיין 20 יאָר ניט אַלט געווען. אַ ביסל וייטער — אַ מאָטאָר־ציקל, אַ טראָק, אַלע איבערגעקערטע ,צעבויגענע, אַלע מיט פרישע בלומען באַצירט... ניין, זיי זיינען ניט געפאַלן! זיי לעבן, זיי זיינען מיט אונדז! ווען ניט זיי, וואָלטן מיר דאָך איצטער ניט געקענט פאָרן אויף דעם וועג קיין ירושלים!

הייליק אייער אָנדענק, איר יונגע קדושים!

נאָך איידער איך בין צו זיך געקומען, נאָך דער פיינלעכער שטימונג, האָט די טאַקסי פאַמעלעך זיך אַריינגעגליטשט אין סאַמע האַרץ פון ירושלים.

ניי־ירושלים מאַכט אַן איינדרוק פון אַ גרויס־איינגעפונדעוועטער שטאָט, מיט עלעגאַנטע, אַריסטאָקראַטישע האָטעלן, אַ סך ברייטע גאַסן און סקווערן, און אָן אַ שיעור קירכעס און טעמפּלען פון אַלע צייטן, פון אַלע פעלקער, פונקט ווי אַ זכר לטיט פון אַמאָליקע ביבלישע צייטן. אַלערליי גלויבנס און רעליגיעס האָבן זיך דאָ פאַרפעסטיקט און מיט ציין און נעגל האַלטן אָן זייער קיום. די געביידעס זיינען דאָ אַנדערש ווי אין תל־אביב — מער סאָליד, אַן אַנדער סטיל, אַריסטאָקראַטיש, מער אויפן אייראָפּעאישן שטייגער. וואו־ניט־וואו וואַרפט זיך דורך אַן אַלטער בנין מיט אַ פלאַכן דאַך, גיט עס צו דער שטאָט אַ ספּעציעלן חן און אַ

בענקשאַפט נאָכן אַמאָל, נאָך אַלט־ירושלים, וואָס ליגט נעבעך אָפּגעהאַקט אויף יענער זייט מאַנדלבוים־טויער, וויסט און פאַרלאָזן, אין פרעמדע הענט, מיט אַלע אירע הייליקע אַלטערטימלעכקייטן.

די באַוועגונג איז דאָ פון אַ גרויסער שטאָט, אָבער ניט מיט אַזאַ רעש און שוואונג ווי אין תל־אביב, נאָר באַזאַכט, מיט געוויסער ווירדע און קאָנסערוואַטיוו. ביינאַכט דרימלט די שטאָט ירושלים אויף איר אייגנאַרטיקן שטייגער: שוין פון 9 אַ זייגער אָן ווערן געשעפטן געשלאָסן, דער רעש און טומל ווערט איינגעשטילט. וואו־ניט־וואו לויפט דורך אַ טאַקסי, אַן אויטאָבוס.

זעלטן ווען זעט מען פאַרבייגייער, אָדער שפּאַצירנדיקע. די פרייטיק־צו־נאַכטן אין די גאַסן פון דער פרומער ירושלים קוקן אויס ווי יום־כפּור צו כל־נדרי אין אַ קליין שטעטל. אַלץ איז איינגעהילט אין אַ טונקעלער מוראדיקער געהיימניש. די באַוועגונג אין גאַס איז אינגאַנצן אָפּגעשטעלט. קיין ראַדיאָ־סטאַנציע פונקציאָנירט ניט. ס׳איז מיר בלויז אַ וואונדער אויף דער באַלייכטונג: ווער גיט אַכטונג? וואו נעמען זיי אַ שבת־גוי אין דער יידישער מדינה? דאָ גיט מען גוט אַכטונג אויף אָפּהיטן דעם געבאָט פון שבת — פון מחלל שבת זיין. דער ראַבינאַט און די כנסת האַלטן אַ וואַכזאַם אויג. און טאָמער, חלילה, באַווייזט זיך ערגעץ אַ טאַקסי פון אַ בעל־עבירהניק, אָדער פון איינעם, וואָס האָט, נעבעך, „ניט געוואוסט", ווערט ער באַלד פאַרוואָרפן מיט שטיינער פון אַ גאַנצער מחנה, ווי זיי וואָלטן געוואַרט און געטשאַטעוועט דערויף... וואָס־וואָס, נאָר שטיינער פעלט ניט אין דער יידישער מדינה! ס׳איז אפשר אַ דוחק אין פלייש, ערטערווייז אין וואַסער, אָבער ניט אין שטיינער.

היט מען זיך, ווי ווייט מען קאָן און מען גייט כלומרשט שפּאַצירן. גייט מען אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט אַוועק, העט ווייט־ווייט, אויסערן תחום־שבת, דאָרט וואו מע „מעג שוין" — דאָרט וואו עס שטייען אַ סך טאַקסיס און פאַר אַ דרייפאַכן פּרייז וועלן זיי אייך פירן קיין עין־כרם, ניט ווייט פון באַרג ציון און אַפילו גלייך אין גן־עדן אַריין... ביים צושפּאַצירן צו די־אָ טאַקסיס, האָט זיך מיר געדאַכט, אַז איך גיי דאָ „מוילעכן די גרענעץ". איך האָב אַלע ווילע געדרייט מיין קאָפּ אין אַלע זייטן, געקוקט מיט מורא אויף הינטן, אין טונקעלן אָוונט אַריין און געהאַט אַ געפיל, אַז באַלד וועט אַ ווילדע מחנה מיך באַפאַלן און איך וועל האָבן אַ מיתה פון סקילה...

אָבער ירושלים איז פאָרט די הייליקסטע שטאָט. אַהער האָבן זיך געצויגן אַלע פעלקער. וויפיל האָבן געטרוימט און געחלומט אַ לעבן־לאַנג צו קענען כאָטש אָנקוקן זי, קושן דעם זוים פון איר קלייד און

שטאַרבן מיט איר נאָמען אויף די ליפּן?! אָבער צייטן בייטן זיך, מיט זיי אויך די מענטשן, מיט זייערע טרוימען און פאַרלאַנגען. איצט קומט מען אַהער לעבן, און נאָך ווי לעבן!

אונדזער פּלימעניק יצחק, יחיאלס זון, האָט אונדז גענומען קיין רמת רחל, אַ קיבוץ הינטער ירושלים, אַ וויכטיקער סטראַטעגישער פּונקט, וואָס האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין דער באַפרייאונג פון ירושלים. רמת רחל שטייט אויף אַ הויכן באַרג מיט אַ מויער־פעסטונג אין דער מיט. די אומצאָליקע לעכער אין מויער־פעסטונג — דאָס זיינען סימנים פון אָן אַ שיעור שווערע, פאַרביסענע קאַמפן. דאָ באַלד דערנעבן, אין צענטער, שטייט די סטאַטוע פון דער מאַמע רחל, ווי זי באַשיצט אַ פּאָר פון אירע קינדערלעך. דער אויפשריפט לייענט זיך: „דיינע קינדער וועלן צוריק זיך אומקערן צו זייער אייגענער גרענעץ".

מיר קריכן אַרויף אויף דער העכסטער הייך און קוקן אין די דורכ־זיכטיקע ווייטקייטן אַוועק. פון דאַנען קען מען זען דורך פעלד־גלעזער אַלט־ירושלים, אַלע הייליקע היסטאָרישע פּלעצער, וואָס זיינען געבליבן אין פרעמדע הענט. אָט זע איך: אַ וועגעלע שלענגלט זיך שמאָל און לאַנג, וואָס פירט קיין בית־לחם, וואו דער מאַמע רחלס קבר געפינט זיך. דאַכט זיך, איך הער פּלוצלונג איר געוויין: „רחל מבכה על בניה"... איך דריי זיך אינסטינקטיוו אויס און קוק אַראָפּ צו דער מאַמע רחל, ווי זי האַלט אַרומגענומען אירע קינדער; צוויי טרערן, ווי בריליאַנטן, פינקלען אין אירע אויגן אַנטקעגן דער זון. איך וויל זי טרייסטן:

— וויין ניט, מאַמע, וויין ניט, דיינע קינדער זיינען שוין צוריק־געקומען צו זייערע גרענעצן, צו זייער לאַנד. אָדער, אפשר וויינסטו אויף דיין אייגענעם ביטערן גורל, וואָס דו ביסט אַזוי פאַרוואָגלט געוואָרן, פאַריתומט און פאַראיינזאַמט? אין דיין אייגן לאַנד און דאָך אין גלות? וויין ניט, מאַמע, מיר וועלן דיך אויסלייזן; מיר וועלן דיך קיינמאָל ניט פאַרגעסן, ניט דיך און ניט ירושלים!

איך קוק ווייטער אין די דורכזיכטיקע מרחקים און זע: ווייט אַוועק, וואו דאָס אויג קען נאָר דערגרייכן דעם האָריזאָנט, ציען זיך בערגיקע ווילדערנישן, וואו אונדזער קעניג דוד האָט געפּאַשעט זיינע שעפּסן. דאָ האָט ער געשפּילט אויף זיין פידעלע, אָדער אפשר גאָר אָנגעהייבן זיינע קאַפּיטלעך תהילים צו שרייבן. ווייטער אַוועק ציט זיך אַ קייט פון בערג, די בערג פון מואב, וואו משה רבינו איז שטיין געבליבן, אַזוי בענקענדיק נאָכן צוגעזאָגטן לאַנד...

אַ גרויס געשעעניש און אַ טיפע איבערלעבונג איז געווען פאַר מיר דאָס עולה רגל זיין צום הר ציון. מיר זיינען טאַקע ניט געפאָרן, כאָטש עס איז געווען אַ היפּשער מהלך, נאָר טאַקע געגאַנגען צו־פוס, ווי אין

די אַמאָליקע אַלטע צייטן, ווען מען איז עולה רגל געווען פון אַלע טיילן פון לאַנד, ביי פאַרשיידענע ימים טובים און פייערונגען. אויך אונדזער טאָג איז געווען אַ יום־טוב; עס איז געווען דער ערשטער מאַי. אַ זעלטן שיינער טאָג האָט זיך געשטעלט. איינער פון יענע טעג, וואָס איז אַזוי ספּעציפיש פאַר ירושלים: דער הימל לזיטער־בלוי און דורכזיכטיק, אַן איין וואָלקנדל. די זון האָט געוואַרעמט און געברענט און באַגאָסן אַלץ מיט גאָלד, אָבער עס איז דאָך קיל און אָנגענעם, לייכט צו אָטעמען און נאָך לייכטער דער טראָט. שווין באַלד אין דער פרי האָבן זיך מחנות געצויגן אויסער דער שטאָט, וואָס ווייטער אַלץ באַרג־אַראָפּ, אַלץ נידע־ריקער און נידעריקער. איך האָב מיך געחידושט: דאָס הייסט עולה זיין? דאָס איז דאָך אַרונטערנידערן, ווי אין פּסוק שטייט: „וירדו, ויחנו...״ אָבער באַלד האָט זיך אַנטפּלעקט פאַר אונדז דער באַרג. הויך, מאַיעס־טעטיש איז ער געשטאַנען פאַרזונקען מיטן קאָפּ אין די בלוילעכע שלייערן פון הימל, ווי אין אַ מין פּרוכת, ווי אַ פרומער ייד פאַרוויקלט אין אַ טלית צו שמונה־עשרה...

מיר האָבן אָנגעהויבן לאַנגזאַם צו קלעטערן אויף שמאָלע, געדרייטע וועגן און טרעפּן. אַ מין שיר המעלות, אַ געזאַנג צו די טרעפּ האָט געזונגען אין מיין האַרץ. דאָ אויף די זעלביקע וועגעלעך און טרעפּן זיינען געגאַנגען אונדזערע אבות אין יענע אַלטע צייטן. צו אַלערליי ימים־טובים האָבן זיי עולה־רגל געווען, געבראַכט בכורים, די ערשטע גערעטענישן פון די פעלדער, געזונגען, געטאַנצט. יום־כפור איז ביי זיי געווען דער פריילעכסטער יום־טוב. — האָט מען איינגעאָרדנט פאַר־שיידענע טענץ און די פרומע עניוותדיקע יידישע טאָכטער האָט אין איינעם פון די טענץ זיך דערלויבט אויסצוקלייבן איר באַשערטן. אָבער דאָס איז אַלץ געווען אַמאָל. איצט, אויף די דאָזיקע וועגן און אפשר אויך אין די זעלבע פוס־טריט פון אונדזערע אבות, איז עולה־רגל גאָר אַן אַנדער מחנה, און ניט דווקא אין ספּעציעלע יום־טוב־טעג, נאָר אַלע טעג פון אַ גאַנץ יאָר. מע גייט מיט נייגעריקייט אָנקוקן חידושים. דער גרעסטער חידוש איז פאַר מיר געווען אָנצוקוקן דוד המלכס קבר, וואָס געפינט זיך טאַקע דאָ אויפן הר ציון. מיין פאַנטאַזיע האָט ניט געקענט אויסמאָלן קיין קאָנקרעט בילד וועגן אָט דער געהיימניש. עס האָט זיך מיר דערמאָנט די לעגענדע וועגן דוד המלכס קבר, וואָס כ׳האָב מיט יאָרן צוריק געלערנט אין שול: ערגעץ אין אַ הייל שלאָפט דער מלך דוד און וואַרט אויף אַ דערלייזער. אויב דער וואָס איז ראוי וועט אים געפינען, וועט ער צו אים אויסשטרעקן זיינע הענט און יענער דאַרף אַרויפגיסן וואַסער אויף זיי פון אַ קרוג וואָס שטייט דערנעבן. האָבן צוויי געוואַגטע בחורים זיך אונטערגענומען צו זוכן דעם קבר פון דוד

המלך. זיי האָבן געוואָלט ברענגען די גאולה גיכער. נאָך אַ לאַנגן וועג פון שטרויכלונגען און שוועריקייטן, זיינען זיי ענדלעך צוגעקומען צו דער הייל, וואו דוד המלך איז געלעגן פאַרזונקען אין אַ טיפן שלאָף. אַרום טונקל, צוקאָפּנס אַ נר־תמיד. אַ טויב האָט געוואָרקעט ערגעץ אין אַ ווינקל. די שכינה האָט געלויכטן איבער אַלץ. די בחורים זיינען געוואָרן אַזוי פאַרבליפט און פאַרכישופט, אַז זיי האָבן ניט באַמערקט, ווי דוד המלך האָט אויסגעשטרעקט צו זיי ביידע הענט, און זיי האָבן פאַרגעסן אָן דעם וואַסער. דער מלך האָט אַ טיפן קרעכץ געטאָן, אַראָפּגעלאָזן שווער און לאַנגזאַם די הענט, די שכינה האָט זיך צעוויינט, אַ דונער האָט אַ קנאַל געטאָן און ביידע בחורים האָבן זיך פּלוצלונג דערזען אויף אַ וויסטן, פאַרלאָזענעם פּלאַץ... צו שפּעט, צו שפּעט, זיי האָבן פאַרזאַמט דעם וויכטיקן מאָמענט...

און אָט שטיי איך פאַר זיין קבר, אַזוי זאָגט מען מיר, און איך לאָז זיך איינריידן. דאָס זיינען יידן מיט בערד און קאַפּאָטעס, מיט שטריימ־לעך און היט. צו פאַרשמייעט און פאַרהאַוועט זעען זיי אויס, די דאָזיקע יידן און דער עיקר, זיי מיינען געשעפט. אַ גאַנצע שנאָרער־אינדוסטריע האָבן זיי פאַרלייגט. אויף אַ פּאָר טרעפּלעך העכער, אין כמו ווי אַ הייל, שטייט אַ גרויסער, לאַנגער קאַסטן, איבערגעדעקט מיט אַ טונקל־רויטן, איינגעפּעצטן דורך יאָרן פליושענעם צודעק. אַ ביסל צו גרויס, טראַכט איך, פאַר אַ טויטן־קאַסטן. לויט מיין השערה איז דוד המלך געווען גאָר קליין־געוויקסיק. אפשר האָבן זיי פאַרביטן די יוצרות און זיי האָבן דאָ גאָר באַהאַלטן גלית הפלישתי? וואו איז די הייליקע שכינה, די טויב? עפּעס ברענען דאָ אַזוי פיל ליכט און טשאַדען! עס הייבט מיר אָן שטיקן אין האַלדז און איך פיל אַן איבלעניש אונטערן לעפעלע. אָבער לאַנג לאָזן די שיינע יידן ניט טראַכטן. ווי געניטע געשעפטסלייט טראָגן זיי דיר אונטער די „ליטעראַטור", דוד המלכס תהילימל, גראָד די נייעסטע אויסגאַבע, שיר־המעלותן און נאָך אשר־יצר פּאַפּירלעך און פאַרזיכערן, אַז אויב דוד המלך האָט דאָס טאַקע ניט געשריבן אַליין מיט זיין אייגענער האַנט, האָבן דאָס אַנדערע גוטע יידן איבערגעשריבן, און בזכות זה, וועט איר האָבן מזל און פּרנסה, אַ גרינג האָבן, און אַלדאָס גוטס.

שנאָרערס און בעטלערס מיט פאַרשיידענע מומים און אַפילו גאַנץ געזונטע אויך, דרייען זיך אַרום און באַפאַלן אייך ווי זשמודנע פליגן. אַ סך האַלטן קליינע קינדער ביי די הענט און צידה לדרך, שטרעקן אויס שמוציקע הענט צו די פאַרבייגייער. ווייבער, אין שמאַטעס איינגעהילטע, זיצן האַרט ביי די ווענט מיט אַנטבלויזטע לויזע בריסטן און זויגן זייערע עופהלעך. איך האָב זיך פּלוצלונג אויסגעניכטערט פון מיין ליכטיקער

פאַנטאַזיע, פונקט ווי די צוויי בחורים נאָכן דונער, און איך האָב זיך פאַרשעמט . . .

איינגעבויגענערהייט און צוהאַלטנדיק זיך די נעזער פון דעם שלעכטן חלב־געריך, האָבן מיר זיך דורכגעשלייכט פון דער הייל אין אַ צווייטער. דאָ איז שוין געווען גרויס און געראָם. די זון האָט שוין דאָ דערגרייכט פון אַלע זייטן. דאָ זיינען געלעגן צעזייט און צעשפּרייט, אָנגעהויפט איינע אויף דער צווייטער אַלערליי מצבות פון אַלע שטעט און שטעטלעך פון פוילן. נאָכן גרויסן היטלער־חורבן, וואו אַזוי פיל מיליאָנען מענטשן זיינען פאַרגאַזט און פאַרברענט געוואָרן און זייער אַש איז צעשטויבט געוואָרן איבער אַלע ארבע פינות העולם — האָבן די שטעט און שטעטלעך פון פוילן, אין פאָרם פון מצבות, געפונען זייער תיקון דאָ, אויפן הר־ציון. נאָר ס'איז אַ בזיון צוצוקוקן ווי זיי ליגן אָנגעוואָרפן, ווי ברידער אין אַ מאַסן־קבר, אָדער ווי גאָר אויף אַ שלאַכט־פעלד פאַר דער קבורה. איך בין אַרומגעגאַנגען אויף קבר־אבות פון די שטעטלעך און געזוכט די מצבה פון מיין שטעטל און ניט געקענט געפינען. אַלע שכנותדיקע באַקאַנטע שטעטלעך האָב איך געזען, נאָר ניט מיינס. חיים האָט שוין געהאַט מער מזל. ער האָט געפונען די מצבה פון זיין שטאָט און זיך געלאָזט אַראָפּנעמען אַ בילד.

און איצט, האָט אונדזער צווייטער פּלימעניק, אברהמל, געזאָגט, וועלן מיר זיך אָפּרוען און וועלן איך ווייזן הר הרצל. דאָרט געפינט זיך הערצלס קבר און דערפאַר טראָגט ער זיין נאָמען — הר הרצל. אָנגעקומען זיינען מיר אין שפּעטן נאָכמיטאָג, ווען די זון האָט זיך שוין אָנגעהויבן נויגן צו מערב. אַ שיינע פּראַכטפולע אַלייע, מיט גלייכע ביימער, זיינען געשטאַנען אין קליינע רייען ווי שומרים. אָן אַ שיעור קוסטעס און בייטן פון קאָלירפולע בלומען האָבן פאַרכאַפּט דאָס אויג. דאָ זעט זיך אָן די אַרבעט פון געניטע הענט, וואָס גיבן אַכטונג אויף יעדן וועגעלע און שטעגעלע, מיט שטיינדלעך און זעמדעלעך און באַצירט מיט בלום און קוויט. סאַמע אויבן־אָן — הערצלס קבר. אַ סקווער מיט גרינס און בלומען, איינפאַך און פשוט, אָבער לאָזט אַ שטאַרקן איינדרוק. אַ ביסל נידעריקער אַראָפּצו געפינען זיך די קברים פון זיינע עלטערן, ברידער. נאָך נידעריקער, טרעפּנווייז, ציט זיך דער מיליטערישער בית־עולם. אַ שווערער, אימהדיקער איינדרוק. די מצבות שטייען ניט דאָ, נאָר ליגן, ווי דער מנהג איז דאָ אין ישראל. עס דאַכט זיך מיר, אַז זיי זיינען נאָך פריש, ערשט ניט לאַנג איז עס געשען. יונגע בחורים און מיידלעך פון ישראל און אויך פון חוץ לארץ, האָבן דאָ זייער רו געפונען. און מיר דאַכט זיך, אַז נאָך איצט, מיט זייערע טויטע קערפּערס ליגנדיק אַזוי, באַשיצן זיי די ערד, וואָס איז זיי אַזוי ליב געווען. בלומען און

בלימלעך און יונגע ביימלעך צווישן די קברים. ווייטער, אַ ביסל אַוועק, שטייט אַ דענקמאָל און אַ פּאָנטאָן נאָך די וואָס זיינען דערטרונקען געוואָרן אין דער מלחמה. „מי באש ומי במים". ליגן זיי אַצינד אין אַ נאַסן קבר, צוזאַמען ערגעץ־וואו, נאָר דאָ רוען זייערע מצבות מיט זייערע נעמען אין וואַסער פון פּאָנטאָן און קוקן אַרויף צום אויבערפלאַך און שטומען. אַ סך אַריינגעוואָרפענע מטבעות לויכטן ווי גאָלדענע פישעלעך און נאַסע בינטלעך בלומען שווימען איבערן אויבערפלאַך און געפינען ניט קיין רו. לאַנג האָב איך געקניט און געקושט דעם אויבערפלאַך פון נאַסן קבר. איך האָב מיין בליק ניט געקענט אָפּרייסן. אַרונטער דעם באַרג האָט די זון זיך פאַרהאַלטן, אָנגעצונדן די שפיצן ביימער מיט פורפור־רויט. אַ קיל אָוונט־ווינטל האָט אַ בלאָז געטאָן און געפליסטערט עפּעס צווישן די גראָזן אַרום די קברים. אַ הייליקע רו האָט זיך דאָ מיט אַ מאָל אַראָפּגעלאָזט. שטיל, אויף די שפיצן פינגער כמעט, ניט צו שטערן די רו, האָבן מיר פאַרלאָזן דעם הר הרצל.

ליגט אין שטילער רו, הייליקע גבורים!

כבוד אייער אָנדענק!

# מאה־שערים

דער קוואַרטאַל מאה־שערים איז אַ וועלט פאַר זיך אַליין. אַזוי גיך ווי מען שטייגט אויס פון אויטאָבוס און מע לאָזט זיך אַריין אין די שמאָלע געסלעך פון קוואַרטאַל, דערזעט מען אין דער הויך הענגען אַ גרויס שילד אין דריי שפּראַכן: העברעאיש, יידיש און ענגליש: „יידישע טאָכטער, היט אָפּ די יידישע מצוות, גיי צניעותדיק אָנגעטאָן, אַנטבלויז ניט קיין נאַקעטע אָרעמס און פיס".

איך מוז זיך מודה זיין, אַז צו מיין גרויס פאַרוואונדערונג אויף אַזאַ ווענדונג צו דער יידישער טאָכטער (דאָס מיינט מען דאָך מיך אויך אוודאי), איז מיר צוגעקומען נאָך אַ גרעסערע צופרידנקייט וואָס דאָ, אין מאה־שערים, אפשר דער איינציקער פּלאַץ אין דער יידישער מדינה, איז געקומען צום אויסדרוק אַ מודעה אין דער יידישער שפּראַך! איך האָב זיך אַזוי געפרייט, אַז איך געדענק ניט ווי לאַנג איך בין אַזוי געשטאַנען און געלייענט מיט אַ פאַרריסענעם קאָפּ, ביז דער נאַקן האָט מיר גענומען ווי טאָן. באַלד האָב איך דערזען די יידישע טאָכטער, צו וועמען די מודעה איז געווענדעט. עפּעס אַ געשטאַלט ניט פון דער וועלט און אַפילו ניט פון דער אַמאַליקער. ווען איך זע זי ערגעץ אַנדערש, וואָלט איך אסור געגלויבט, אַז זי איז אַ יידישע. טונקעלע קליידער, פאַרקנעפּלט ביזן האַלדז ווי אַ מאַנאַשקע, לאַנגע שוואַרצע זאָקן, לאַנגע אַרבל, מער ווי די שפּיצן פינגער זעט מען ניט אַרויס, און אַלס צוגאָב אַ קאָפּ־טיכל, איבערגעצויגן אַזש צו די ברעמען און פאַרבונדן אונטערן האַלדז. אויף וויפל איך האָב געקענט אָפּשאַצן נאָכן אויסקוק פון די אויגן און די דינע גאָמבעלע איז עס נאָך געווען גאָר אַ יונגס, און ס'איז מיר געוואָרן אַ גרויס רחמנות אויף איר, אין אַזאַ היץ צו טראָגן אַזאַ טראַכט.

נו, מליא, די יידישע טאָכטער איז מיר טאַקע אַ ביסל פרעמדלעך, אָבער דערפאַר האָבן די געסלעך, די קראָמען און דער גאַנצער אַרום, אַרויס־גערופן אין מיר אַן אַ שיעור התפעלות און דערינערונגען. די קרומע, שמוציקע געסלעך און די האַלב־פינצטערע קרעמלעך האָבן מיר ווייטער דערמאָנט די יידישע און יאַטקעווער געסלעך פון ווילנע. דער זעלבער יידישער עלנט און נויט, די זעלבע דלותדיקע פרנסות, דער זעלבער ריח פון הערינג, די זעלבע שמאָכטעס און אָרעמעלייט. פאַרדאַרטע, צעטריקנטע גרינסן זיינען געלעגן אויסגעלייגט און אַ מחנה פליגן האָבן געפּראַוועט אַ

סעודה. דאָ גייט נאָך אָן אַן אַרט לעבן פון פאַר ששת ימי בראשית. די ציוויליזאַציע האָט דאָ איבערגעהיפּערט און אַוועק ווייטער. ניט מע הערט דאָ פון אַטאָם־באָמבעס, ניט פון עראָפּלאַן־רייזעס, ניט פון מיסלס און ניט פון אַסטראָנאַטן. פון זייערטוועגן מעג זיך די גאַנצע וועלט איבערקערן און נאָר ירושלים מיט מאה־שערים זאָלן בלייבן.

מיר זײַנען צוגעקומען צו דער גרויסער ישיבה. אַ פּיפּיקער יידל האָט אונדז באַגעגנט גלייך ביים טיר און מיך באַלד אָפּגעשיידט פון די מאַנסבילן, פון פעטער חיים און זיין ברודער יחיאל. ער האָט מיר געגעבן אַ ווייבערישן טיכל, איך זאָל צודעקן מיין זינדיקן קאָפּ און מיך געפירט אין דער אויבערשטער שול אַרויף, אויף אַלטע, געדרייטע טרעפּ. דאָ האָט ער מיר אָנגעוויזן אויף ספרים און תחינות — איך זאָל אַריינקוקן אין זיי און אפשר טאַקע תשובה טאָן. ביי די ווייבער איז געווען ענג און שמוציקלעך, אפשר דער שמוציקסטער מקום קדוש, וואָס מיר איז אויסגעקומען צו זען. קרישקעס חלה און ברויט האָבן זיך געוואַלגערט אויף די לאַנגע בענק און שטענדערס. (די מייז מוזן אוודאי פּראַווען סעודות ביינאַכט). שמוציקע פאַרהאַנגלעך מיט אַלערליי פאַרדעכטיקטע פלעקן זיינען געהאָנגען אויף די משונה־לאַנגע פענצטער. די בענק טראָגן נעמען פון די מנדבים. איך האָב דערקענט אַ נאָמען פון אַ ליידי פון ניו־יאָרק, וואָס מאַכט „יעלות" אַלע פּרייטיק פאַר ליכט־בענטשן און הייסט אַלעמען וואַרפן אין פּושקע פאַר דער דאָזיקער ישיבה. איך כאַפּ בגנבה אַ קוק אַרויס דורכן פאַרהאַנגל אונטן, צו די מאַנסבילן. דאָרטן איז טאַקע ריין און מאַכט דעם געהעריקן איינדרוק פון אַ שול: אַ גרויסע בימה, אַ שיינער פּרוכת. איך זע ווי מען וויזט דאָרט דעם פעטער חיים אַלטע עקזעמפּלאַרן, יקר־המציאותן און ער, חיים, אין שוואַרצן קאַפּעלע אָנגעטאָן, קוקט אַריין אין זיי און זאָגט מבינות. בשעת מעשה זעט ער אויס אין שוואַרצן קאַפּעלע ווי אַן אבל ביי אַ לוויה...

דער פּיפּיקער חברה־מאַן האָט זיך אָן מיר ניט פאַרגעסן. ער האָט מיך פּונקט געפּאַקט דאָן, וואו איך האָב ניט געטאָרט קוקן. איך האָב זיך אַ ביסל פאַרשעמט, אָבער ער האָט זיך געמאַכט ניט וויסנדיק. נאָך זיין האַלטן זיך און ריידן האָב איך באַלד געזען, אַז ער איז צו פיל געשעפטס־מעסיק. ער איז, ווייזט אויס, דער „פינאַנץ־מיניסטער" און „אויסערן־מיניסטער". ער פאַרנעמט זיך צו ווייזן די טוריסטן אמתע יידישקייט און זען אַז זיי זאָלן לאָזן אַ נשקשהדיקע נדבה...

אויף מיין פראַגע, צי ער איז געווען אַמאָל אין אַמעריקע, האָט ער געענטפערט, אַז יאָ. ער האָט נאָך אַ טאַטן אין ניו־דזשוירזי. פון צייט־צו־צייט פאָרט ער זיך דורך אַ ביסל.

אַרויס פון דער שול, האָט ער אונדז געפירט צו די „דאָרמיטאָריס",

וואו די קינדער לעבן, פֿאַרברענגען, לערנען און שלאָפֿן. עס האָט זיך דערטראָגן צו מיר אַן אַלט־באַקאַנטער ניגון פֿון חדר, פֿון יענע יאָרן, פֿון דער אַלטער היים. ביי אַ לאַנגן, שמאָלן טיש און נאָך שמעלערע בענק, זיינען געזעסן ביי אַ צוויי־טוצן ייִנגלעך און זיך געשמאַק געשאָקלט איבער ספרים מיט אַ טרויעריקן, מאָנאָטאָנעם ניגון. שוואַרצינקע אייגע־לעך, געקרייזלטע פּיאהלעך. משהלעך און שלמהלעך האָבן דאָ אויסגעוויינט זייער עלנט און זייער פֿאַרלאָרענע קינדהייט. דאָס זיינען קינדער, פֿאַר־וואָגלטע, פֿאַרשטויסענע, גאַנצע יתומים, האַלבע, סתם קינדער, וואָס זייערע עלטערן זיינען ניט בכוח זיי אויסצוהאַלטן. קינדער פֿון תימן, פֿון אַלזשיר, פֿון מאַראָקאָ, פֿון אַלע ארבע פּינות העולם, ווערן דאָ אויפֿגע־נומען און דערצויגן אויף אַזאַ שטייגער. און נאָכער? וואָס וועט פֿון זיי ווערן, ווען זיי וועלן קומען צום אייגענעם שכל? אַ סך ווערן געשטרויכלט און ווערן נעלם ביי דער ערשטער בעסטער געלעגנהייט. אָבער דערווייל גיט מען זיי דאָ עסן, אַ בעט צום שלאָפֿן און די קליינע קינדער קריגן אַפֿילו צוקערלעך אויף פֿאַר אַ נאַש. אונדזער „אויסערן־מיניסטער" איז מיט אונדז אַרויס צוזאַמען פֿון דער געביידע, כדי צו קויפֿן פֿאַר זיי צוקערלעך. פֿאַר איינוועגס האָט ער זיך געלאָזט פֿאָטאָגראַפֿירן אויף די טרעפּן פֿון דער שול.

איך האָב זיך אַרויסגעכאַפּט פֿון דאָרט אַ פֿאַרטשאַדעטע, מיט אַ שווער געמיט. די צייט האָט זיך דאָ לגמרי אָפּגעשטעלט און שווער איז מיר געווען צו אָטעמען. ערשט ווען דער אויטאָבוס האָט זיך פֿאַר־קירעוועט אויף די לעבעדיקע גאַסן פֿון ירושלים, האָב איך זיך אויפֿגע־כאַפּט, ווי פֿון אַ טראַנס.

# רחובות און חיפה

רחובות האָט געקענט זיין אַ פּשוט, איינפאַך שטעטל אין מדינת ישראל. מיט אַ גרויסן פּאַרנעם, אויף אַ מאָדערנעם שטייגער, קען זי זיך ניט פאַרמעסטן מיט תל־אביב. הלמאי זאָל איך ליגן זאָגן — זי האָט ניט אַזעלכע שיינע געביידעס, אַזעלכע אַלייען ווי שדרות רוטשילד. אפשר וואו־ניט־וואו וואַרפט זיך דורך אַ פּאַרקל, אַ שפּיל־פּלאַץ, אַ שיינער בנין. מיט שיינקייט צו חיפה קען זי זיך אוודאי און אוודאי ניט גלייכן! אָבער דערפאַר האָט זי אַ גרויסן יחוס און דאָס שטייט העכער ווי געלט און ווי שיינקייט. רחובות איז די גרעסטע יחסנטע אין דער גאַנצער מדינה. דאָ, אין אירע ד׳ אמות, האָט געוואוינט, געלעבט, שטודירט און געאַרבעט דער ערשטער נשיא פון לאַנד — ד״ר חיים וויצמאַן. דאָ רוען איצט זיינע ביינער, אונטער אַ שיינעם מאָנומענט, אויף אַ בכבודיקן אָרט אין פּאַרק, ווי עס פּאַסט פאַר אַזאַ נשיא ווי ער, וואו יעדעס גרעזל און בלימל ווערט אָפּגעהיט ווי אַ ציטערדיק קינד.

און ווער האָט עס ניט געהערט פון וויצמאַן־אינסטיטוט — אַ גרויסער לאַבירינט פון וויסנשאַפט אויף אַלע געביטן? עס איז דער מאַרך, וואו עס ליגט דער סוד פון לעבן. פון אַלע עקן פון דער וועלט קומען דאָ פאָרשער, פיזיקער, דאָקטוירים, אַפילו פּראָפעסאָרן, צו שטודירן און פאָרשן. אַ סך קומען דאָ צו קריגן זייער דאָקטאָראַט. דער בנין איז גרויס אין פאַרנעם און אינעווייניק נאָך גרעסער, אַזש ס׳איז זיך שווער צו פאַנאַנדערקלייבן און מען קען לייכט פאַרבלאָנדזשען. אָנשטאָט צו גיין צום דרויסנדיקן אַרויסגאַנג, זיינען מיר גאָר אַריין אין אַ צימער פון שטייגן און אַלערליי מייז. זיי האָבן אונדז אָנגעקוקט פאַרחידושטע, מיט די קליינע מייזישע אייגעלעך און באַוועגט די לאַנגע שוואַרצע עקעלעך. — דאָס זיינען מייז פאַר עקספּערימענטאַלע צוועקן — דערקלערט אונדז אונדזער פּלימעניק שאול.

אגב איז אונדזער פּלימעניק דאָ אַ בן־עיר. ער וואוינט דאָ מיט זיין פרוי רחל, ביידע אַרבעטן — ער פאַר דער הסתדרות, זי אין אַגריקולטור־אינסטיטוט. מיר מוזן אומבאַדינגט באַזוכן איר אינסטיטוט. עס איז זייער אינטערעסאַנט. פאָרן מיר. ער האָט אַ קליינעם אויטאָ און אומעטום שפּאַרט ער אָן מיט אים.

אין אַגריקולטור־אינסטיטוט, וואו רחל אַרבעט, איז טאַקע אינטע־

רעסאַנט. זיי קולטיווירן אַלערליי פּלאַנצן, גרינסן און פּרוכטן, אויף פאַרשיידענע שיכטן ערד און לויט די געפּירטע סטאַטיסטיקס געפינט מען אויס, אויף וועלכן באָדן עס וואַקסט בעסער אַזאַ און אַזאַ גרינס, פּרוכט אָדער פלאַנץ. אַזוי, צום ביישפּיל, האָט מען לעצטנס אויסגעפונען וואו צו זייען קאַרטאָפל, עס זאָל האָבן בעסערע רעזולטאַטן און ווען צו פאַרזייען, און האָבן עס אויסגעבעסערט אויף הונדערט פּראָצענט. עס איז אינטערעסאַנט צו זען די פּרעזערווירטע סלאָיקלעך מיט צעטעלעך אויף זיי און זייער דיאַגראַם, לויט אַ געוויסער טעמפּעראַטור, די אַלע קעסטעלעך מיט פאַרזייעטע גרינסן, וואָס שפּראָצן שוין אַרויס פון פאַרשיידענע קאָלירטע באָדנס, אויך אונטער געוויסע פאַרשיידענע טעמפּעראַטורן. עס האָט אַמאָל געטראָפן, אַ פּרייטיק נאָך דער אַרבעט, און רחל האָט פאַרגעסן אירע פלאַנצן צו באַזאָרגן מיט דער נייטיקער טעמפּעראַטור ביז איבער שבת. פרייטיק נאָך דער וועטשערע האָט שאול געמוזט זי פירן צום אינסטיטוט צו באַשיצן און באַשירעמען אירע קינדערלעך... זיי וואָלטן דערפראָרן געוואָרן — האָט זי געזאָגט — אָט דאָס הייסט התחייבות!

רחובות קען זיך באַרימען מיט נאָך אַ וויכטיקן צווייג פון דער ישראל־אינדוסטריע: די פאַבריק פון פּאַקן ציטרוס־פּרוכטן. דאָ ווערן געבראַכט פּאָמעראַנצן און גרייפּפרוכטן פון די פּרדסים און ספּעציעלע מאַשינען סאָרטירן זיי. די גרעסטע און שענסטע, נאַטירלעך, גייען פאַר עקספּאָרט. זיצן מיידלעך ביי מאַשינען און מיט בליץ־שנעלע באַוועגונגען, אַזוי שנעל ווי אַ פינגל מיט אַן אויג, גיבן זיי אַ וויקל איין דעם פּאָמעראַנץ אין אַ קאָלירט פּאַפּירל און אין איין כערף־עין ווערט דאָס הילצערנע קעסטל שוין פול און באַלד אַ צווייטס, אַ דריטס. פון אַזאַ שנעלקייט האָט זיך מיר אָנגעהייבן דרייען דער קאָפּ. די קלענערע פּאָמעראַנצן, מיט אַ קליינער פּגימה, זיינען פאַרן געברויך פון לאַנד. די גאָר מיאוסע און ווייכע, ווערן באַלד אויפן אָרט געוואַשן פון אַ מאַשין, געקוועטשט און געפלעשלט אַלס „מיץ" אָדער זאַפט, דער נאַציאָנאַלער געטראַנק פון לאַנד.

פאַרן אַוועקגיין האָט אונדז דער אויפזעער געגעבן יעדן צו עטלעכע פּאָמעראַנצן און גרייפּפרוכטן פון בעסערן סאָרט.

האָסט מיט וואָס זיך איבערצונעמען, רחובות, נאָר ביסט צו באַשיידן, לאָזטו בעסער אַנדערע רײדן וועגן דיר. ענווות איז אַ פיינע מידה.

פונקט דער היפוך פון רחובות, ביסטו חיפה. יענע איז טאַקע קלוג און מיט יחוס, אָבער דו ביסט שיין און געטלעך!

ווי אַ יונגפרוי, אַ צעבאַלעוועטע, ליגסטו, חיפה, צעשפּרייט איבער בערג, בערגלעך און טאָלן, פאַזע ביים ברעג פון ים. מיט אַ שעלמיש, פאַרפירערישן שמייכל פון אונטערן דורכזיכטיקן בלויען הימל, קוקסטו שטאָלץ אַראָפּ צום ווייטן האָריזאָנט פון ים, צו אַלע שיפן און שיפלעך,

װעלכע ציען צו דײַנע ברעגן צו זוכן שלוה און מנוחה. װיפֿל מאַטראָזן האָסטו אױסגעװיגט אין דײַן שױס און געשפּונען פֿאַר זײ חלומות און טרױמען פֿון אַן אַנדער װעלט, װאָס קען זײַן װאָר. װיפֿיל געיאָגטע און געפּלאָגטע פֿון פֿײַער און בראַנד האָבן שוץ און טרײסט געפֿונען אונטער דײַנע פֿליגלען. װיפֿיל טרױער און פֿרײד, האָפֿענונג און אַנטױ־שונג, ליגן באַהאַלטן אין די פֿאַלדן פֿון דײַן קלײד. דו ביסט דער לײַכט־טורעם, דער פֿאַקל פֿון די מכביער, מיט אַן אָפֿענעם און מוטיקן בליק לאַדסטו אַלעמען אײַן צו דײַנע ברעגן. עס פּאַסט דיר דער הר־הכרמל מיט דער גאָלדענער קיפּה, װי אַ קרױן אױף דײַן קאָפּ, חיפה, שטאָלצע פּרינצעסין בײַם ים.

בײַנאַכט, װען שװאַרצער הימל מיט מיליאָנען שטערן באַשירעמען דײַן שײנעם קאָפּ, שפּיגלסטו זיך אין דעם שטילן ים, װאָס לאַשטשעט זיך צו דײַנע פֿיס. װי אַ שטיפֿערישע װאַסער־נימפֿע זעסטו דאַן אױס; די האָר צעלאָזן לאַנג, די צװײַגן פֿון די בײמער פֿון אַרום, טובלען זיך מיט דיר אין ים. און שטערן, אײנס נאָך אײנס, פֿאַלן מיט אַ שימער גלײַך אַרײַן אין ים און שװימען אױף דער אױבערפֿלאַך, פֿאַרװיגט אין זיסער, שטילער רו, געװיגט פֿון צאַרטן װינט. ס׳איז דעמאָלט שװער דיך אױסצוטײלן: װאו ביסטו און װאו איז ים? ביסט אױף אײביק אײַנגע־שפּונען און באַהאַפֿטן מיט דײַן זיװוג אין אַן אומשטערבלעכן בונד פֿון ליבע. און דער ים, אונטערטעניק, קושט אַן אַ שיעור דעם זױם פֿון דײַן קלײד...

שלום רב דיר, חיפה בײַם קומען,
להתראות בקרוב, בײַם אַװעקגײן.

# יום הזכרון און יום העצמאות

דער יום הזכרון ווערט געפייערט אַ טאָג פאַר יום העצמאות. עס איז דער טאָג פון דערמאָנונג, פון יזכור, פון אָפּגעבן כבוד די געפאַלענע קדושים און גיבורים, וואָס האָבן זייערע יונגע, בליענדע לעבנס אַוועקגעגעבן אין אַלערליי מלחמות און ספּעציעל אין דער לעצטער, ענטשיידנדיקער באַפרייאונגס־מלחמה, וואָס האָט גורם געווען די פייערונג פון יום העצמאות. די צערעמאָניע איז אַן איינפאַכע און פּשוטע, פּונקט ווי איינפאַך און פּשוט דער ישראל־סאָלדאַט איז. פּונקט עלף אַ זייגער אין דער פרי שניידט דורך אַ סירענע די לופט און אַלץ שטעלט זיך אָפּ אין מיטן העלן טאָג אין אַ פּאַראַליזירטער פּאָזע. מאַשין און מענטש זיינען געבליבן צוגעקאָוועט צו די ערטער. אַפילו די זון, דאַכט זיך מיר, איז אויך שטיין געבליבן, ווי אויף יהושע בן נונס באַפעל. די וועלט האָט איינגעהאַלטן דעם אָטעם. מען האָט געקענט הערן דאָס קלאַפּן פון האַרץ ביי דיין שכן, וואָס איז אויך שטיין געבליבן נעבן דיר. וויפל מאַמעס, ווייבער, כלות און שוועסטערס, דערמאָנען מיט צער און מיט ווייטיק די נעמען פון זייערע ליבסטע און נאָענטסטע אין די געציילטע סעקונדן. אַ תפילה בלחש שוועבט אויף יעדנס ליפּן, איין געבעט פילט אָן יעדנס האַרץ: אייביקער שלום פאַר ישראל און פאַר דער גאַנצער וועלט. זאָל דאָס בלוט וואָס איז פאַרגאָסן געוואָרן, ניט זיין אומזיסט! אָמן! ווידער שניידט דורך די סירענע די לופט און די וועלט דערוואַכט צוריק. לעבעדיק ווערט די באַוועגונג אין גאַס, דער מענטש גייט זיך זיין וועג און דאָס לעבן גייט אָן ווייטער. אין אַלע בתי־תפילות ווערן געמאַכט אזכרות, בלומען ווערן אויסגעלייגט אויף אַלע קברים פון די אומגעקומענע, אויף די מיליטערישע בית־עלמינס, אויף סתם קברים און אַפילו אַזעלכע, וועלכע זיינען צעזייט און צעשפּרייט אין דער לענג און אין דער ברייט פון דער מדינה, אויף אַלערליי וועגן און שטעגן. זיי ווערן ניט פאַרגעסן, אונדזערע גבורים, און טייער האַלט מען זייער אָנדענק.

אין דעם זעלבן טאָג פון יום־הזכרון, ביינאַכט, הייבן זיך אָן די פייערונגען פון יום־העצמאות — דער יום־טוב פון גרויסן נצחון — דאָס באַפרייען די יידישע מדינה פון פרעמדן שווערן יאָך און מאַכן זי זעלבסט־שטענדיק!

באַצייטנס הייבט זיך דער עולם אָן צו זאַמלען אין די גאַסן, וואו עסטראַדעס ווערן אויפגעשטעלט, אָרקעסטערס שפּילן פאָלק־לידער, שלאַ־גערס און טאַנץ־מוזיק. זינגער און וויצן־שיסער אַרבעטן מעשים דורך די מיקראָפאָנען, דער עולם קוועלט, מען פּאַטשט, מען ליאַרעמט. דער געדרענג ווערט אַלץ גרעסער, שיעור ניט צעקוועטשט צו ווערן. ווען ניט ד״ר יוניס, וואָס האָט מיך און פּעטער חיים געהאַלטן פאַר די הענט, וואָלטן מיר געניזקט געוואָרן. מען האָט אים באַלד דערקענט און געמאַכט אַ וואַרע. זיינען מיר טאַקע געגאַנגען נענטער צום אויבנאָן. דער ראָד פון מענטשן ווערט אַלץ ענגער און גרעסער און אָט צעלאָזן זיך אַלע אין אַ גרויסן טאַנץ פאַר די הענט, צו דער מוזיק פון חבה נגילה. יונג און אַלט, באָבע און אייניקל — עס איז ליהודים!

— נו, פרעגט ד״ר יוניס מיט אַ שיינענדיקן פּנים, — ווי געפעלט אייך עפּעס אַזוינס? האָט איר זיך עס געקענט פאָרשטעלן? וואַרטס, מאָרגן וועט ערשט זיין דאָס אמתע געדיכטע: דער פּאַראַד פון יום־העצמאות. גראָד דעם יאָר קומט ער פאָר אין תל־אביב. מיר וועלן זיך מוזן אַריבערכאַפּן צו מיינער אַ באַקאַנטער, אַ דאָקטאָרשע, וואָס וואוינט פּונקט אויף דער גאַס וואו דער פּאַראַד וועט פאָרקומען. פון איר באַלקאָן וועלן מיר אַלץ קענען זען, אָבער מיר מוזן אַרויסגיין זייער פרי, איידער מע שליסט אָפּ די גאַסן, ווייל נאָכער וועלן מיר ניט קענען דורכגיין.

צומאָרגנס, ווי שטאַרק מיר האָבן זיך געפעדערט, איז אומעטום שוין געווען צו שפּעט. מיר זיינען געבליבן געפּאַנגען, ווי מייז אין אַ פּאַסטקע, ניט אַרויס און ניט אַריין. ביז וואַנען אונדזער דאָקטאָר האָט געמוזט אָנגעבן זיין טיטל, וואָס ער האָט עס בשום אופן ניט געוואָלט טאָן, בלויז אין ערגסטן פאַל, און מען האָט אונדז דורכגעלאָזט.

שטייענדיק אויפן באַלקאָן, באַטראַכטנדיק דעם גאַנצן אַרום, האָט זיך אַנטפּלעקט פאַר מיר אַ בילד, וואָס איז שווער איבערצוגעבן אין ווערטער, אָדער אין קינסטלערישער מאָלעריי: אַ לעבעדיקע מענטשן־מאַסע איז געלעגן, געשטאַנען און געהאָנגען, וואו נאָר עס האָט זיך געלאָזט. מען איז געשטאַנען געפּראָפּט אויף דעכער און באַלקאָנען, מען איז געלעגן אויף טראָטואַרן, הויפן און גערטלעך. מען איז געהאָנגען אויף סלופּעס, דראָטן ווי געניטע אַקראָבאַטן. פון אַלע אַרומיקע שטעט און שטעטלעך, דערפער און קיבוצים, איז מען עולה־רגל געווען מיט שלאָף־זעק און צידה לדרך. איצט ליגן זיי און שלאָפן נאָך, נאָך אַ גאַנצער נאַכט פון וואַנדערן. טויט־מידע ליגן זיי אויסגעצויגן און פילן גאָרניט, אַז מע שפּרייזט אַריבער איבער זיי. מען האַלט אין איין גיין,

מען שטויסט זיך אָן, און זיי שלאָפן. בשקשה, צום געהעריקן מאָמענט וועלן זיי זיך אויפכאַפּן!

און אָט קומט טאַקע אָן דער געהעריקער מאָמענט. אַ פּאַרטויבטער, ווייטער עכאָ פון אָן אָרקעסטער לאָזט זיך הערן און דער עולם נעמט עס אויף מיט ברויזנדיקער פרייד, נאָך איידער זיי באַווייזן זיך. פאָנען פלאַטערן, ווייסע טויבן, דער סימבאָל פון שלום, פלאַטערן אויך און יעדנס האַרץ פלאַטערט מיט. אויבן, איבערן הימל, רוישן עראָפּלאַנען פון יעדן מין און סאָרט, מאַכן אַלערליי פיגורן און קאָזשעלקעס. מען רוימט מיר איין אַ סוד: ישראל האָט מער ווי דאָס, נאָר מען טאָר ניט אויפרייסן דעם שונאס אויגן, ווייל ערגעץ פון אַ ווינקל אַרויס, קוקט נאָך אַ גרויס, שוואַרץ אויג.

אָט דערנענטערט זיך די אַלטע גוואַרדיע אויסגעדינטע גענעראַלן, אָפיצירן. יעדערער אין זיין בכבודיקן מונדיר מיט אַלערליי מעדאַלן. דער עולם יובלט, דער עולם שאַלט, די מוזיק שפּילט העכער און העכער, מען סאַלוטירט און מען מאַרשירט ווייטער. וואָס ווייטער מאַרשירן אַלץ פאַרשיידנראַנגיקע סאָלדאַטן, יעדערער אין זיין ספּעציעלן אוניפאָרם און פאָן, יעדער מיט זיין אָרקעסטער. יבשה, ים און לופט האָבן זיך צונויפגעמישט אין איין גרויסן ספּעקטאַקל. און אָט קומט אָן די פרוי, די פרוי פון דער אַרמיי. זי פאַרטרעט ניט דעם מאַן אין דער אַרמיי, ווי די פרוי אין אַנדערע לענדער (אַמעריקע). זי איז אַ סאָלדאַט מיט איר אייגן רעכט. זי קען אַליין איר שטעטל באַשטיין. זי מאַרשירט מיט אַ סך גראַציע און שטאָלץ אין אירע מיליטערישע קליידער, וואָס פאַסן איר אַזוי גוט. אָט איז „נחל", אָט איז „חן". וויפיל מוט און אַנטשלאָסנקייט ליגט אויסגעגאָסן אויף דיין פנים, דו אשת־חיל פון דער ישראל־אַרמיי. זיי אַ מוסטער פאַר אַנדערע!

דער מאַרש ציט זיך נאָך לאַנג און דער עולם איז ניט מיד פון שטיין און הענגען. מען איז נאָך אַרויס אין מיטן נאַכט צו פאַרנעמען די פּאָזיציעס. אַנדערע מיט ווייב און קינדער, מיט אַ קוישל עסן, לאָזט מען זיך איצט וואוילגיין, מען קייט און מען שרייט הידד!

אַ קליין זון־רעגנדל האָט אויף אַ מינוט אַ זיפּ געטאָן צו אַלעמענס גרויסן וואונדער, ווייל זעלטן ווען עס רעגנט אין דער צייט. אָבער איך האָב דערפילט די פערלדיקע טרערן, וואָס האָבן זיך געקייקלט פון פריידיקע אויגן, וואָס האָבן ניט פאַרגעסן אין פריידיקע מינוטן אויף די טרויעריקע.

# גאָלדע

אַלץ וואָלט געווען גוט און פֿיין, ווען גאָלדע וואָלט כאָטש אַ ביסל צו זיך געקומען. זי איז אָבער וואָס אַ טאָג מער איינגעפֿאַלן, פּשוט איינגעגאַנגען ווי זאַלץ אין וואַסער. גאָלדע איז געוואָרן פֿאַר מיר אַ רעטעניש, אַ רעטעניש און אַ וואונדער צוגלייך. עס איז אַ וואונדער, ווי אַזוי זי האַלט זיך נאָך אַ ביסל אויף די פֿיס. מיר אַלע האָבן געמיינט, אַז באַלד נאָכן אַראָפּגיין פֿון שיף, נאָכן אָפּרוען זיך פֿון אַזאַ שווערער נסיעה, וועט גאָלדע אָנהייבן ביסלעכווייז קומען צו זיך און ווערן אַ שטיקל מענטש. מיר האָבן אָבער געמאַכט אַ טעות אין חשבון. מיר האָבן שיער ניט פֿאַרגעסן אָן גאָלדעס קראַנקהייט. איר בויך האָט אונדז דערמאָנט. ער איז געוואַקסן ווי אויף הייוון, דער בויך, און מיט יעדן טאָג איז איר שווערער געוואָרן דאָס אַרומקריכן, דאָס עסן, אַפֿילו אָטעמען. ביז וואַנען איר ברודער, ד״ר יוניס, האָט אָנגעהייבן אַ סדרה פֿון יעדע צוויי וואָכן גיין אין שפּיטאָל אַריין, צו צאַפּן דאָס וואַסער פֿון בויך. אָט אַזוי, אויף אַזאַ ביטערן אופֿן, האָט זיך אָנגעהייבן גאָלדעס סוף. איך ווייס ניט, צי גאָלדע האָט באַגריפֿן איר לאַגע, צי זי איז געווען אַזוי נאַאיוו ניט צו פֿאַרשטיין? אָדער אפֿשר ווילן אַזעלכע ווי גאָלדע ניט אָננעמען די גרויזאַמע ווירקלעכקייט און ווילן בעסער גלויבן אין נסים?!

גאָלדע איז געגאַנגען באַרג אַראָפּ. ביז פּסח האָט זי נאָך אַ ביסל געבאַלעבאַטעוועט: אָנגעזאָגט דער מאַמען וואָס איינצוקויפֿן, וואָס צו קאָכן, געזעסן ביים טיש. צום סדר איז זי געזעסן אַ פֿאַרפּוצטע און אויסגעטיילט יעדן זיין פֿאַרציע, ווי אין די פֿריערדיקע גוטע צייטן. אָבער די שטימונג איז ניט געווען קיין יום־טובדיקע, אַ געדריקטע איז זי געווען, אַן איינגעהאַלטענע. די ברידער האָבן זיך געמאַכט האַרץ צו זאָגן און זינגען די הגדה. אליהו, איר זון, האָט מיטגעהאָלפֿן, אָבער כ׳האָב געפֿילט, אַז עס שטיקט זיי אין האַלדז, מע טוט עס ניט צו פֿאַר־שטערן דעם טראַדיציאָנעלן יום־טוב און דער עיקר — צוליב די געסט. פֿון מאָל צו מאָל האָט זי אונטערגעטריבן: לעבעדיקער, העכער! וואָס איז דאָס פֿאַר אַ סדר?

באַלד נאָך יום־טוב האָט גאָלדע רעזיגנירט פֿון אַלץ און אַלעמען. זי האָט זיך אַוועקגעלייגט אין איינעם פֿון די אויבערשטע צימערן, זיך

אַנגעטאָן אַ טיכל אויפן קאָפּ, מחמת אירע האָר האָבן אָנגעהויבן ווייטער אַרויספאַלן, און זעלטן ווען אַראָפּגעגאַנגען, זעלטן ווען גערעדט, אָדער אָנטייל גענומען אין געשפּרעכן. — גאָלדע, ווילט זיך מיר שרייען פאַר ווייטיק, וואָס איז געוואָרן פון דיינע פּלענער? אַט וועסטו איינפּאַקן אַ קוישל מיט עסנוואַרג און מיר וועלן זיך אַרויסלאָזן אויף אַ טיול קיין גליל, קיין טבריה, צפת. וועסט זען, האָסטו מיר פאַרזיכערט, ווי שיין און געבענטשט אונדזער לאַנד איז! איצט דאַרף איך די רייזעס מאַכן אַליין, אָן דיר, גאָלדע. איך בין געוואָרן אַ גנבטע. איך קען איר ניט קוקן גלייך אין די אויגן, ווען איך דאַרף זיך דורכשלייכן פאַרביי איר צימער, איידער איך דאַרף אַוועקגיין, גלייך ווי איך אַליין וואָלט שולדיק געווען אין איר איצטיקן צושטאַנד. ניט נאָר אַ גנבטע בין איך געוואָרן, נאָר אַ ליגנערין אויך. זיי מיר מוחל, גאָלדע, איך האָב אַנדערש ניט געקענט. עס וואָלט געווען בעסער פאַר אונדזביידן, ווען דו קוקסט דעם אמת גלייך אין די אויגן, וואָלסטו מיך ניט געבראַכט צו קיין נסיון.

עס איז געווען אין אַ פרימאָרגן, ווען איך האָב איר געגעבן אַ באָד. (נאָר מיר האָט זי אָנפאַרטרויט מיט אַזאַ אינטימער אַרבעט). גאָלדע האָט באַטראַכט אין שפּיגל איר גאַנץ געשטעל: אַ פּנים — סקעלעט־מעסיק, בלויז אין די טיפע לעכער זיצן איינגעגראָבן צוויי גרויסע, שוואַרצע אויגן און קוקן מיט אַזאַ שטומען צער, וואָס נאָר ביי חיות זעט מען אַזוינס. די בריסטן, בלויז לויזע הויט־טאָרבעלעך און אַ גרויסער, קיילעכדיקער, האַרטער בויך, אַזש בלוילעך, מיט לאַנגע שטעקנס פון הענט און פיס.

— זע נאָר, זאָגט זי צו מיר אַ פאַרחידושטע — איך זע דאָך אויס ווי יענע ראַכיטישע קינדער מיט די גרויסע בייכער און קרומע פיס! קענסטו מיר נישט זאָגן, ריווע, וואָס אָנשטאָט צום בעסערן, גייט מיר גאָר צום ערגערן? שוין אַזוי לאַנג ווי איך בין צוריקגעקומען, האָב איך שוין געדאַרפט זיין אַ שטיקל מענטש! און אפשר האָב איך יענע קרענק, האַ?

איך האָב אָנגעשריען אויף איר, זי זאָל דאָס גאָר אויפן געדאַנק ניט ברענגען. פאַרזיכערט איר, אַז קראַנק־ווערן נעמט ניט לאַנג, אָבער געזונט־ווערן נעמט לענגער; אַז זי וועט נאָך זיין אַ מאָל אַ מענטש און נאָך קענען מיטהאַלטן מיט אונדז אונדזערע נסיעות איבערן לאַנד. הלוואי, האָט זי פרום און מיט בטחון געזאָגט און מיך אַ קוש געטאָן.

זיי מיר מוחל, גאָלדע, דאָס איז דער גרעסטער ליגן וואָס כ׳האָב אַמאָל געזאָגט, הלוואי וואָלט עס טאַקע אמת געווען.

יענעם טאָג בין איך אַרומגעגאַנגען צעטראָגן, אין ערגעץ ניט געגאַנגען, געזעסן אין גאָלדעס פּרדסל, וואָס הינטערן הויז און געקוקט פאַר זיך. דאָרט איז געוואַקסן אַ ריזיק־גרויסער ציטרינען־בוים. זיינע

צווייגן באַלאָדן מיט אויסערגעווייגלעך גרויסע ציטרינען, זיינען געלעגן כמעט אויף דער ערד. בלויז זיך איינבויגן און אָפּצופּן אַ ציטרין, וואָס וועט קלעקן פֿאַר אַ פּאָר טעג צו דער טיי. מיט דער ציטרין אין האַנט בין איך געגאַנגען מאַכן פֿאַר גאָלדען אַ דריטל גלאָז טיי. פֿון אַ האַלב איז געוואָרן אַ דריטל, ס'איז איר שווער צו׳ שלינגען. אויפֿן וועג אַרויס פֿון פּרדסל, אויף דער שטענדיק אויסגעטראָטענער סטעזשקע, האָט עפּעס אַ שוועב־געטאָן פֿאַר מיינע אויגן: עטלעכע בינטלעך שוואַרץ־געדיכטע האָר, ווי עמיצער וואָלט זיי מיט געוואַלד אַרויסגעריסן מיט די וואָרצלען, זיינען געלעגן ווי געשטעטענע טויבן פֿאַרן שפּיל פֿונעם ווינט. די פּיס האָבן זיך מיר אונטערגעהאַקט, איך בין געבליבן ווי פּאַראַליזירט. מיינע אויגן האָבן אַרויפֿגעוואַנדערט אין דער הייך, צו גאָלדעס צימער. איך האָב דערקענט אירע האָר. דאָס זיינען די זעלבע האָר, וואָס זי איז געווען אַזוי שטאָלץ מיט זיי, ווען זיי האָבן אָנגעהויבן צוריק אָנוואַקסן אויף איר קאָפּ אין געדיכטע בונטן. נאָך פֿאַרן פֿאָרן האָב איך זי צוגערעדט צו גיין אין סאַלאָן און זיך לאָזן שיין פֿאַרקאַמען און אַלעמען איבערראַשן מיט איר געדיכטן קאָפּ האָר. איצט איז דער קאָפּ פֿאַרדעקט מיט אַ טיכל און די האָר זוכן ערגעץ אַ מקום מנוחה. איך האָב דערפֿילט, אַז גאָלדע איז אַ גאַסט. זי וועט אַפֿילו ניט דערגיין צו איר 50טן גע־בורטסטאָג.

# אשר

גאָלדעס יינגערער ברודער, אשר, איז פונקט דער היפּוך פון זיין עלטערן ברודער זאב, דער דאָקטאָר, סיי אין זיין אויסזען, סיי אין זיין כאַראַקטער. נאָר איין זאַך פאַרמאָגן זיי ביידע: די זעלבע ברייטע קוואַטש־נאָז — דער עמבלעם פון דער יאַנ׳ש־משפּחה און בלויע, מילדע אויגן, וואָס די גוטסקייט אַליין קוקט אַרויס פון זיי. זיי זאָגן, די אויגן: „בעט נאָר וואָס דו ווילסט, אַפילו דאָס לעצטע העמד וועל איך דיר אַוועקגעבן".

אַ נידעריקער אין וואוקס, אַ סך נידעריקער ווי זאב, ברייטפּלייציק, מיט אַ פיר־קאַנטיק פּנים און אַ קאָפּ מיט געדיכטע קרויזן — מאַכט ער דעם איינדרוק פון אַ גבור. און ער איז דאָס טאַקע געווען אַמאָל. עפּעס האָט ער ניט געהאַט קיין זיץ־פלייש, דאָס בהורל, ווען ער איז נאָך געזעסן אויף דער שול־באַנק. זיין קאָפּ איז אים ניט געווען צום לערנען. נאַריש האָבן אים אויסגעקוקט די מאַטעמאַטישע איבונגען, וואו פּעטער חיים איז געווען אַ גאַנצער עלוי, לעקישעוואַטע האָט אים אויסגעקוקט דער פּאַן טאַדעאוש, וואָס אַלע מאַכן פון אים אַ גאַנצן פּירוש... און ווער דאַרף לאַטיין? שמאַנצעס — האָט ער אַ זאָג געטאָן און פאַרמאַכט דאָס בוך. אַן אומרו האָט זיך באַזעצט אין אים און ס׳האָט אים אַלץ געצויגן צו טאָט. ער האָט זיך געניטיקט אין אַ פעלד, וואו אויסצולאָדן זיין ענערגיע און אַזאַ געלעגנהייט האָט זיך געמאַכט.

באַלד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה איז פּוילן געוואָרן אומאָפּ־הענגיק. אַ סך אַמעריקאַנער פּאָליאַקן האָבן זיך צוריקגעקערט קיין מלאַווע מיט אַ סך געלט און זיך פאַרלייגט געשעפטן. איינער אַזאַ אַנטיסעמיט, טוראַווסקי, האָט זיך געעפנט אַ פּיאַנס־געשעפט אין זיין הויף און אויפגעהאַנגען איבער זיין טויער אַ מיאוסן, אַניטסעמיטישן שילד, וואָס האָט גאַרניט געהאַט צו טאָן מיט זיין סחורה. אויפן שילד איז געווען אויפגעמאָלן אַ רב מיט באָרד און פּיאות, מיט אַ שטריימל און אַ פּוילישער סאָלדאַט, פון די האַליאַרטשיקעס, ציט אים ביי דער פּאָלע מיט איין האַנט און מיט דער צווייטער שמייסט ער אים מיט אַ בייטש, ווי, להבדיל, מען טרייבט אָן אַ פערד. דאָס האָט זייער אויפגערודערט די יידישע באַפעלקערונג און די מלאַווער קהילה האָט אַריינגעטראָגן אַן

אינטערפּעלאַציע אין סיים. עס האָט גאָרניט געהאָלפן. די מלוכה האָט געענטפערט, אַז די „דעמאָקראַטיע" דערלויבט ניט. יעדער איינער קען זיך פירן ווי ער וויל. דערמוטיקט פון דעם ענטפער פון דער העכסטער אינסטאַנץ, האָט דער מנובל און נאָך אַזעלכע מנובלים ווי ער, קאָנצענט־רירט די יוגנט פון די גימנאַזיעס און הויכשולן, און אָנגעהויבן ווי געהעריק פייניקן יידישע קינדער. עס איז אַ מורא געווען צו גיין אין עפנטלעכע פלעצער, ווי אַן אומשולדיקער שפּאַציר אין שטאָטישן פּאַרק. האָט זיך צונויפגעקליבן אַ גרופּע יוגנטלעכע, מיט אשרן בראש, אַלע שטאַרקע חברה, און געגרינדעט אַ זעלבסטשוץ. קודם־כל האָט אשר, בכבודו ובעצמו, אין אַ פינצטערער סוף־חודש נאַכט, גענומען אַן עמער פאַרב און אָפּגעגאָסן דעם שילד. צומאָרגנס איז געוואָרן אַ שטיקל סומאַטאָכע, אַ חקירה ודרישה. אָבער אין גיכן האָט זיך ווייטער באַוויזן אַזאַ שילד. האָט מען ווייטער געטאָן דאָס אייגענע און ניט איין מאָל — לאָמיר זען ווער וועט מיד ווערן? אַזאַ פּאַרמעסט איז אָנגעגאַנגען. ווידער מיט דער טעראָר־פראַגע איז אויך געווען דאָס זעלבע: מען האָט געגעבן צוריק: אונטערגעהאַקט זייטן, אויגן, געבראָכן פיס, אָבער אַלץ טרוקן, שאַ, שטיל, אַ האָן האָט קיין קריי ניט געטאָן!

איין מאָל האָט אשר מיט זיין חברה צוגעטראַכט אַ געוואָגט שטיקל אַרבעט. זיי האָבן אָפּגעוואַרט דעם אַנטיסעמיט טוראָווסקי שפּעט ביינאַכט אַ שיכורן, אָנגעטאָן אים אַ זאַק איבערן קאָפּ, פאַרבונדן, און אים אַזוי צעקיילט און צעכמאַליעט, אַז ער זאָל פאַרזאָגן אַ צענטן צו טשעפּען זיך ווייטער צו יידן! אַזוי געבונדן, מיטן זאַק איבערן קאָפּ, ווי אַ חזיר אויפן יריד, אים איבערגעלאָזן אויף די טרעפּלעך פון דער גמינע. פון דאַן אָן איז טאַקע שטילער געוואָרן אַ ביסל, אָבער די לופט איז געוואָרן הייסער, אָנגעלאָדן מיט פולווער. עפּעס אַ שטילקייט פאַר אַ שטורעם. עס איז אַ סכנה געווען פאַר אשרן לענגער צו פאַרבלייבן אין שטאָט. אַ סך פון זיינע חברים האָט מען שוין געשלעפּט אויף אויספאָר־שונגען און אשר האָט געמוזט „אָפּציען", מאַכן פליטה. אָבער וואוהין? ער האָט געזוכט אַ מקום־מקלט און אַ געדאַנק האָט אים אַ בליץ־געטאָן: ארץ־ישראל! עס איז געווען די צייט פון דער הכשרה, ווען יונגעלייט האָבן זיך צוגעגרייט אויפצובויען אַן אייגענע היים.

אשר האָט זיך אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט מיט ברען און גרויס ענערגיע. ער האָט געהאַט אַ ברייט פעלד אויף אויסצולאָדן זיך. אומעטום האָט מען געדאַרפט גיין צופוס, געהאַקט שטיינער, געטריקנט זומפּן, זיך אָנגעשטעקט מיט מאַלאַריע. אומעטום, וואו מיר זיינען געפאָרן, האָט אשר געהאַט עפּעס צו דערציילן, אַ קאַפּיטל פון זיך: דאָ איז ער געלעגן

אין מאַלאַריע־פיבער, דאָ האָט ער זיך אויסגעלענקט אַ פוס. ניט אומזיסט לײדט ער איצט אויף די פיס. ער האָט דאָס לאַנד באַטראָטן אין דער ברייט און אין דער לענג.

באַזוכנדיק חיפה, האָט אונדז אשר דערציילט נאָך אַן עפּיזאָד, וואָס איז זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר אים און וואָס קלינגט ווי אַ המשך פון זיינע מעשים פון פוילן.

אין איינעם אַ פּאַרק אין חיפה, וואָס ער הייסט איצט, נאָך דער באַפרייאונג פון דער מדינה: גן־הזכרון, פלעגן קומען אין די אָוונטן פאַר־ברענגען יידישע טעכטער, שפּאַצירן, זינגען און טאַנצן. דאָס האָט אָנגע־רעגט אַ גרופּע אַראַבישע בחורים, וואָס פלעגט זיך פאַרנאַדיען אין פּאַרק און ליב האָבן צו פאַרברענגען מיט די יידישע מיידלעך. פון גלאַט פאַרברענגען זיינען זיי אַריבער צו מעשים און אָנגעהייבן זיך גראָב צו טשעפּען. די מיידלעך האָבן פּראָטעסטירט אויף זייער אופן — מיט געשרייען און קוויטשערייען. עס פלעגן פאָרקומען אַ סך אינצידענטן. וואָס טוט מען? האָט אשר צוגעטראַכט אַ פּלאַן: ער און נאָך עטלעכע האָבן זיך איבערגעטאָן אין מיידעלשע קליידלעך, זיך גרימירט מיט אַלע פּיטשעווקעס. אין איינעם אַן אָוונט זיינען זיי אַלע געזעסן אויף אַ באַנק אין פּאַרק, געשטיפט און געזונגען פּיאַניסימאָ, און ווען די אַראַבישע בחורים האָבן זיך דערנענטערט און אָנגעהייבן זיך טשעפּען צו זיי און גיין אַ ביסל צו ווייט — האָבן די „מיידלעך" אָנגעהייבן לייגן קלאַפּטער, וואו עס האָט זיך נאָר געלאָזט, אַזש פונקען זיינען געפלויגן. פון דאַן אָן האָבן זיי מער ניט געוואַגט און ס׳איז געוואָרן שטיל אין פּאַרק.

ווען עס האָט שוין געהאַלטן אויף אַ לאַד און וואָס מער אײנוואַנדערער זיינען געקומען, האָט אשר אַראָפּגעבראַכט ביסלעכווייז זיין משפּחה: צוערשט טאַטע־מאַמע מיט גאָלדען. די איבעריקע זיינען געקומען שפּעטער. עס איז ניט געווען אַזוי לייכט זיך איינצואָרדענען, ווען עס האָט נאָך געפעלט אויף דאָס נייטיקסטע, אָבער דאָרט, אין פוילן, איז געווען נאָך ערגער. דאָרט האָט געברענט אונטער די טריט. האָט מען פאַרביסן מיט די ליפּן און מיט נעגל זיך איינגעקלאַמערט אין דער מאַמע־ערד: עס איז אייגנס, עס איז אונדזערס.

איצט דערציילט עס אָשר אין פריידן. בשעת מעשה שמייכלען זיינע בלויע אויגן און די נאָז איבערן פּנים ווערט נאָך ברייטער. איצט איז אָשר אויפן פערד; ער איז אַ קבלן: ער בויט הייזער. ער האָט שוין געבויט האַלב תל־אביב אויסגעבויט און איצט האַלט ער שוין ביי גבעתיים. פאַרשטייט זיך, פאַרזאָרגט מיט אייגענע הייזער זיין ברודער זאבן און

גאָלדען און נאָך מיטגלידער פון דער משפּחה, נאָר פאַר זיך אַליין האָט ער ניט וואו דעם קאָפּ אַוועקצולייגן. אויף אים קען געזאָגט ווערן דער שפּריכוואָרט: „אַלע שוסטערס גייען באָרוועס". איך האָב געשטוינט, ווען איך האָב באַלד ביים אָנקומען אויסגעפונען, אַז אָשר האָט ניט קיין שטענדיקן אַדרעס. נאָך מער האָב איך געשטוינט, ווען איך האָב אויסגעפונען איינצלהייטן פון זיין פּריוואַטן לעבן. ער האָט עס מיר אַליין דערציילט. עפּעס איז אַ שוואַרצע קאַץ דורכגעלאָפן צווישן אים און זיין פרוי, זייט זיי האָבן פאַרלוירן אויף אַ טראַגישן אופן זייער שיינע, גראַטענע 19־יאָריקע טאָכטער שולמית. אין אַ קיבוץ איז זי געווען מיט איר חתן, געטאַנצט און געזונגען ביי אַ פייערונג. האָט אַ גיפטיקע שלאַנג זי אַ ביס געטאָן אין פוס און נאָך איידער ד״ר זאב יוניס האָט באַוויזן צו קומען, האָט זיך איר יונג לעבן אויסגעלאָשן.

זיי האָבן זיך געגט, אָשר און עדינה, אויף אַ שטילן, פיינעם אופן און געבליבן אַלץ גוטע פריינד צווישן זיך: ער אַ לאָקאַטאָר צווישן איר און זייער צווייטער טאָכטער ורדה, וואָס וואוינט אַ טיר נעבן אַ טיר. ער האָט זיך נאָך מער אַריינגעוואָרפן אין בויען בנינים און זי, עדינה, גיט זיך אָפּ מיט איר טאָכטער און אייניקל, שפּילט פּיאַנאָ, ווי זי וואָלט געוואָלט פאַרטויבן און פאַרטעמפּן דעם ווייטיק און פאַרשרייען די עוולה, וואָס דאָס לעבן האָט איר אָנגעטאָן.

אָשר האָט אַ צווייטן מאָל חתונה געהאַט, מיט זיינס אַן אַמאָליקער יוגנט־חברה, וועלכע האָט פאַרלוירן איר מאַן. וואוינט זי, פנינה, די לערערין, זיין צווייטע פרוי, אין חיפה, אין איינער פון אָשרס הייזער. נאָך אַ זומער־היים האָבן זיי אויפן וועג צווישן חיפה און תל־אביב. אַ גאַנצע וואָך וואַלגערט זיך אָשר אַרום ביי זיין וואָכעדיקער ווייב אויף אַן אויפשטעל־בעטל, און אויף שבת פאָרט ער קיין חיפה צו דער „שבתדיקער". מען שמועסט אַפילו, אַז ער האָט ערגעץ אַ יום־טובדיקע אויך, נאָר דאָס גלויב איך ניט. מאַלע וואָס ניט־פאַרגינערס ריידן! איך גלויב ניט דערפאַר, ווייל דער שכל איז אַ פּשוטער: ישראל קען אין דעם פּרט ניט איבערשטייגן אַמעריקע!

אָבער אַזוי ווי ער פירט געניט זיינע געשעפטן מיט די הייזער, אַזוי פּינקטלעך און געניט פירט ער די ווייבערשע פּאָליטיק. למשל: צו אַ פאַמיליען יום־טוב קומט דעם ערשטן טאָג איין פרוי, דעם צווייטן טאָג — די צווייטע.ביידע קוני־לעמלעך טאָרן זיך ניט צונויפטרעפן חלילה! אין אויסלאַנד פאָר אַ רייזע שיקט ער איין יאָר איינע און דעם צווייטן יאָר די אַנדערע. ביידע ברענגען אים שיינע מתנות און

שפּאָרן דערביי ניט זיין געלט. וואָרים סיי ווי איז אָשר דער פינאַנץ־מיניסטער פון דער פאַמיליע. האָט מען געדאַרפט העלפן די גראַטעוועטע פלימעניקעס פון די לאַגערן — האָט זיך אָשר געלייגט אין דער לענג און אין דער ברייט, און ניט נאָר זיי, די פלימעניקעס, אַ צענטער גליד אַפילו — אַלע זיינען דורכגעגאַנגען זיינע עלטערנס הויז, ביז זיי האָבן זיך געקאָנט שטעלן אויף די פיס.

דערפאַר פאַרגין איך אים ביידע ווייבער, אַבי ער לעבט מיט זיי בשלום און זאָל ער זיך עלטערן מיט זיי ביז 120 יאָר, אָמן!

# אליהו

אליהו איז פאַר מיר אַ רעטעניש. אַ רעטעניש און אַ וואונדער צוגלייך. נאָך די אַלע לויב־געזאַנגען פון גאָלדען, וואָס האָט כסדר אָן אויפהער געהאַלטן אין איין באַזינגען איר זון ביי יעדער געלעגנהייט און אים הייבן ביזן הימל אַריין, האָב איך זיך געטראַכט: נו, איצט וועל איך האָבן די גוטע געלעגנהייט זיך צו באַקענען פּנים־אל־פּנים מיט אַ סאַברע — אַן אמתער ארץ־ישראל פּראָדוקט, מיט אַלע פּיטשעווקעס און לויט גאָלדעס געשמאַק — אַן אמתער טיפּ פון דער ישראל־יוגנט. ווי גאָלדע האָט מיר פאַרזיכערט, איז ער ניט קיין אויסנאַם, אליהו, נאָר אַלע זיינען זיי אַזוי פיין און טראַדיציאָנעל דערצויגן, איבערגעגעבן מיט לייב און לעבן צו די עלטערן און ווער רעדט פאַרן לאַנד איז דאָס לעבן אַוועקצוגעבן אַ בכבודיקער קרבן.

מיט אַלע פיבערן פון מיין נשמה און מיט דער גרעסטער אומגעדולד, האָב איך קוים זיך געקענט דערוואַרטן צו זען און באַקענען אליהון.

און אָט שטייט דער בעל־דבר פאַר מיר אַליין: אַ הויכער, אַ שלאַנקער, ווי אַ יונג צעדער־ביימל, שוואַרץ־אויגיק, מיט געדיכטע שוואַרצע ברעמען, וואָס קומען זיך צוזאַמען ביי דער נאָז און אַ שוואַרצע טשופּרינע האָר — דערמאָנט ער גיכער אין אויסזען ווי אַ בעדואינער, און ניט ווי אַ יידישער בחור, אָבער אין קיין פאַל איז ניטאָ קיין סימן פון דער יאַניש־משפחה.

מסתמא געראָטן אין זיין טאַטן, האָב איך געטראַכט און איך האָב זיך ניט אָפּגענאַרט. מיין חשד האָט זיך באַשטעטיקט אין דער ערשטער „האָניק־וואָך", רוענדיק אין גאָלדעס שטוב, נאָכן אָנקומען פון דער שווערער רייזע מיט דער שיף. דאָ האָב איך געהאַט די בעסטע געלעגנהייט זיך נענטער צו באַקענען מיט אים.

דער ערשטער איינדרוק איז געווען אַ גאַנץ גוטער. כ'מיין, אַלץ האָט דערווייל געשטימט מיט גאָלדעס לויב־ווערטער. אונדזערע באַצי־אונגען זיינען געווען פאַמיליאַרע, וואַרעמע, אַזוי אַז כ'האָב ניט געפילט קיין אונטערשייד צווישן אים און מיין זון. אַ שיינער יונג טאַקע, טאָ פאַרוואָס זאָלן די מיידלעך ניט זיין די כפּרה פאַר אים? האָט טאַקע ביי ד"ר זאב יוניס געהאַלטן אין איין קלינגען דער טעלעפאָן (ווייל גאָלדע האָט קיין טעלעפאָן ניט געהאַט — אַ צו־גרויסער לוקסוס), און יעדעס

מאָל פלעגט זאב זיך באַוויזן אויף זיין ווערענדע, אַנטקעגן איבער גאָלדעס הויז, און רופן: — אליהו, אליהו, אַ בחורה וויל ריידן צו דיר!

זאב איז געוואָרן דער אַפּטרופּס איבער אליהון, אָן שום הסכמה פון קיינעם. ער האָט דערפילט בחוש, אַז אין דעם בחור זידעט זיין טאַטנס הייס בלוט, אַז איין „כפּרה" וועט ניט זיין גענוג פאַר זיין גרויסן אַפּעטיט. איז ער געשטאַנען אויף דער וואַך און געזען, אַז עס זאָלן ניט זיין קיין סך „כפּרות". ווען עס וועט זיך מאַכן עפּעס רעכטס, וועט מען דאַן זען. הלוואי וואָלט זיין מאַמע אים, זאבן, געפאָלגט דאַן, וואָלט צו קיין גט ניט געקומען צווישן איר מיט זיין טאַטן און צו קיין צווייטער חתונה מיט דעם איצטיקן. אָבער דאָס איז שוין פאַרפאַלן. נאָר מיט אליהון דאַרף מען זיין פאָרזיכטיק. אַזוי האָט זיין אָנקל, זאב, געטראַכט.

אליהו האָט אָבער אַנדערש געטראַכט. ער האָט נאָכגעגעבן לפּנים־וועגן און געטאָן האָט ער וואָס ער האָט געוואָלט. אַזוי האָב איך אויך דערפילט שפּעטער אין זיינע צירלעך־מאַנירלעך מאַניערן צו אונדז און בשעת־מעשה איז זיין סאַרקאַסטישער שמייכעלע אין ווינקל מויל ניט פאַרשוואונדן. אַ מין גרינגשעצונג האָב איך דערפילט אין זיין געזעגל־שאַפט, אַזאַ מין פון אויבן־אַראָפּ קוק. פּעטער חיים האָט מיך אויסגע־שייגעצט פאַר אַזאַ בלבול און אים פאַרענטפערט, אַז ער איז איצט זייער באַזאָרגט וועגן זיין מאַמעס צושטאַנד. זאב האָט אים שוין דערציילט דעם גאַנצן אמת, אַז מיט גאָלדען האָלט שמאָל... סוף־כל־סוף דאַרף ער דאָך וויסן! איז בעסער פריער, איידער ער זאָל זיך דערוויסן פּלוצלונג און ליידן ווער וויים וואָס.

אָבער אָט האָט עפּעס געטראָפן, און די סאַברע, אין געשטאַלט פון אליהו, האָט זיך צעבליט פאַר מיינע אויגן מיט אַלע אירע דערנער און שטעכלקעס, אָבער דאָס זיסע פון אינעווייניק, וואָס דאָס געוויקס סאַברע פאַרמאָגט, האָב איך, ליידער, ניט דערפילט. פאַרקערט, איך האָב דערפילט אַ פריקרען, ביטערן נאָך־טעם אין מויל און דאָס פּנים האָט מיר געברענט פון בושה.

דאָס איז געווען בעת אַן אומשולדיקן געשפּרעך ביי ד״ר זאב יוניס אין הויז, וואו ער האָט פאַרבעטן אַ סך יוגנט־פריינד און חברים פון פּעטער חיים, איצט לערער פון עלעמענטאַר־שולן און מיטל־שולן. אליהו און גאָלדע זיינען אויך געווען, אַפילו די באַבע. זי איז געזעסן, גאָלדע, אַן איינגעשטילטע אין זיך, אַן איינגעטוליעטע, אַזוי ווי ניט פון דער וועלט, נאָר בלויז צו ווייזן, אַז זי איז נאָך דאָ. דער געשפּרעך איז דערווייל געווען פאָרמעל, מעניני דיומא, גלאַט אין דער וועלט אַריין. גאָלדע האָט די גאַנצע צייט אירע אויגן ניט אַראָפּגענומען פון איר געראָטענעם זון. זי האָט זיך ממש געשפּיגלט אין אים. זי האָט מיר

פֿאַרשוישקעט שטילערהייט אויפֿן אויער זיינע פֿלענער פֿאַר דער צוקונפֿט:
אַזוי גיך ווי זי וועט געזונט ווערן און קומען אַ ביסל צו זיך, וועט ער אַוועקפֿאָרן מיט איר אין די שטאַטן, אַריינטרעטן אין קאַלעדזש, נעמען פֿאַר ביידן אַ צימער און איר אויסהאַלטן בכבוד גדול. איך האָב איר געהאָלפֿן „זיך פֿרייען", הגם איך האָב געוואוסט דעם ביטערן אמת.
נאָר אָט האָב איך דערהערט אַ שטיקל סומאַטאָכע. צו מיינע אויערן האָבן זיך דערטראָגן אויפֿגערעגטע פֿראַזן, קולות, ממש געוואַלדן! פּעטער חיים איז געזעסן האַלב־בלייך, צעקאָכט, און אַלע שוימיקע מיילער געווענדעט צו אים, גרייט אים איינצושלינגען. ד"ר זאב יוניס איז געזעסן ברייטלעך צעלייגט אויף זיין שטול און זיין בויך האָט זיך געהייבן פֿון איינגעהאַלטענעם געלעכטער. עפּעס האָב איך אויפֿגענומען קלאַנגען, באַקאַנטע ווערטער און מאָטיוון און כ'האָב באַנומען, אַז יידיש איז ווייטער אַ קרבן אויפֿן מזבח.
ווען האָט עס זיך אָנגעהייבן? עפּעס קומט מיר פֿאַר ווי אַ פֿאַר־זעצונג פֿון יענעם שמועס מיט גאָלדען אין מיין הויז.
פּעטער חיים האָט אויך איצט אַרויסגערופֿן די בהלה. ער האָט בלויז קריטיקירט זייער קוריקולום, זייער אופֿן פֿון דערציען די יוגנט און במילא אַריינגעוואָרפֿן די באָמבע־יידיש. מען דאַרף לערנען יידיש, עס זאָל פֿאַרנעמען דאָס צווייטע אָרט כאָטש, ווייל אַזאַ רייכע יידישע ליטע־ראַטור טאָר ניט פֿאַרשטויבט ווערן. מען דאַרף לערנען די יוגנט יידיש כדי זי צו פֿאַרבינדן מיטן רייכן עבר. זאָלן זיי וויסן פֿון וואַנען זיי שטאַמען!
אויף דעם ערשטן האָבן זיי מסכים געווען און זיך געשלאָגן חטאתי, זיי האָבן טאַקע די יוגנט ניט ריכטיק דערצויגן. מען האָט שוין אויסגע־דרייט דעם דישל אויף צוריק, אָבער יידיש — דאָס איז טריף־פּסול. איינע אַ לערערין האָט זיך ניט געשעמט און אָפֿן און קלאָר געגעבן אירע אַרגומענטן:
די יוגנט, טענהט זי, גייט פֿון אונדז ביסלעכווייז אַוועק, מערסטנס אין די פּרעמדע לענדער (אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן, וואו דען?). צוליב וואָס פֿאַר אַ סיבות, ניט וויכטיק. בלייבט איבער מערסטנס דער אַלטער אימיגראַנטן־עלעמענט פֿון אַלע אַרבע פּינות העולם. אויב זיי וועלן ניט אָננעמען עברית ווי די מוטער־שפּראַך — וועט יידיש סוף־כל־סוף אַרויס־שטופּן עברית און בלייבן די לאַנד־שפּראַך. ווייל זי ניט דערלעבן צו אַזאַ מדרגה! אַן אַלטער, באַקאַנטער פּזמון!
אָבער אָט האָט פֿלוצלונג אליהו זיך אַ ריס געטאָן, ווי געביסן פֿון אַ שלאַנג, און אַרויס מיט אַ טיראַדע. פֿון אָנהייב האָט עס אויסגעקוקט, אַז ער הערט זיך גאָרנישט צו, אַז עס אינטערעסירט אים ניט דער גאַנצער

עניָן. אָבער ניין: פון זיין ווינקל האָט ער געלויערט און אַרויס אין געהעריקן מאָמענט מיט לשון:

„וואָס פאַר אַ יידיש, וואָס פאַר אַ ליטעראַטור? וואָס פאַר אַ שייכות האָבן מיר איבערהויפּט מיט זיי, מיט די גלות־יידן? פאַרוואָס לאָזן זיי אונדז ניט צורו און לאָזן אונדז אַליין פירן אונדזערע עסקים? וואָס ווילן זיי זיך אָנטשעפּען אָן אונדז? מיר זיינען דאָ הי־געבוירענע, מיר זיינען ישראלים! מיט זיי האָבן מיר קיין שום שייכות ניט, וואו זיי זאָלן ניט זיין! זייער שפּראַך גרילצט אין די אויערן — ווילט איר אַרויפצווינגען אויף אונדז אַזאַ שפּראַך? זייער גאַנצער הילוך, מיט זייער אויסזען, רופט אַרויס בזיון בלויז! סוף־כל־סוף וועלן זיי דאָך מוזן אונטערגיין, ווי אַנדערע שבטים אין דער געשיכטע, בלייבן וועט דאָס יידישע פאָלק, די ישראלים, דאָ אין ישראל!" — דאָס לעצטע האָט ער אַרויסגעזאָגט מיט אַזוי פיל פּאַטאָס און מיט אַזאַ דראַמאַטישן זשעסט, אַז די אויגן האָבן געשפריצט מיט פייער און די הענט האָבן זיך געביילט אין פויסטן. ערגעץ־וואו, דאַכט זיך מיר, האָב איך שוין אַזאַ טאָן געהערט. אַ פייערל בליצט אויף אין מיין מוח און אַ ווייטער עכאָ פון יענער צייט קלינגט אָפּ איצט אין מיינע אויערן; יאָ, דאָס האָבן די באַרימטע „גוטע פריינט" אונדזערע פון מלכות פּוילן אויף אַזאַ שפּראַך גערעדט צו אונדז! איז דאָס ניט קיין איראָניע פון שיקזאַל? ניין, נאָך טראַגישער! און עס באָמבלט זיך אין מיין מוח אַ פּאַראַפראַזע: „הזורעים בשנאה, בדמעה יקצרו".

אין דער טונקעלער ליכט פון צימער האָט זיך מיר געדאַכט, אַז אַ חיה־רעה האָט דאָ פאַרבלאָנדזשעט און וויל אונדז אַלעמען פאַרצוקן. עס איז מוראדיק שטיל געוואָרן, פּונקט ווי אַ באָמבע וואָלט דאָ געפּלאַצט. פּעטער חיים איז געבליבן זיצן מיט אַ האַלב־געעפנט מויל, איבער־געשלאָגן אין מיטן אַרגומענט. זאבס בויך האָט זיך אויפגעהערט צו הייבן פון איינגעהאַלטענעם געלעכטער. די איבעריקע אַרום זיינען געזעסן ווי אבלים, מיט די קעפּ אַרונטערגעלאָזן און זיך שטום איבערגעקוקט, וואָס האָט נאָך גערעדט מער ווי ווערטער. עפּעס איז זיי שווער געווען אַראָפּצושלינגען אַזאַ ביטערע פּיל. די מוחות ביי זיי האָבן גיך געמאַכט אָן אַנדער חשבון: דער פּעטער חיים איז דאָך טאַקע גערעכט. דער גאַנצער וואולקאַנישער אויסברוך זיינער איז געווען אַ באַשטעטיקונג צו דעם אַלעם, וואָס חיים האָט דערמאָנט פריער. מיר האָבן פאַלש און שלעכט דערצויגן אונדזער יוגנט, אָן אידעאַל, אָן צוגעבונדנקייט צום פאָלק, אַפילו אָן דרך־ארץ פאַר אַנדערע אידעאַלן...

אַרום זיינען אויך געשטאַנען מיט געבויגענע קעפּ שאול און משה, אליהוס קוזינס, אַרויסגעראַטעוועטע פון די לאַגערן. משה האָט אַפילו די פּיס צעבראָכן אַריבערשפּרינגענדיק די שטעכלדיקע צוימען און היג־

קענדיקערהייט זיך דערשלעפּט קיין ישראל, צו קומען הערן די „פּאַטעטישע" רעדע פון זייער ישראל־געבוירענעם קוזין אליהו — וואָס אַנערקענט זיי ניט פאַר יידן. פאַר היטלערן זיינען זיי געווען גוטע יידן, נאָר ניט פאַר אים...

איך כאַפּ אַ קוק אויף גאָלדען: ווען עס עפּנט זיך פאַר איר אַ גרוב, וואָלט זי זיך גלייך אַריינגעוואָרפן אַהין נאָך אַ האַלב־לעבעדיקע... דאָ האָט זי שוין ניט געזוכט קיין זכות־אבות צו פאַרטיידיקן איר זונס „פּרינציפּן". אַ פאַלשער טאָן האָט זיך אַריינגעריסן אין איר סימפּאַניע. דאָ איז ניט נאָר יידיש געווען אויפן מזבח, נאָר אַ פאָלק, אַ גאַנץ פאָלק מיט אַ קולטור, וואָס עקזיסטירט שוין איבער צוויי טויזנט יאָר, איז דאָ באַשמוצט און געשענדעט געוואָרן.

וואו איז די זיסקייט, וואָס די סאַברע־פלאַנץ פאַרמאָגט? און אויב זי פאַרמאָגט עס, פאַרוואָס האַלט זי עס פאַר זיך און טיילט זיך ניט מיט יענעם?

אפשר, אין פאַרלויף פון מיין ווייטערדיקער נסיעה, וועל איך געפינען אַן ענטפער אויף מיין קשיא. דערווייל פיל איך אַ פּריקרען, ביטערן נאָך־טעם אין מויל און דאָס פּנים ברענט מיר פאַר בושה.

וואָס איז געוואָרן דער סוף?

די טראַגעדיע איז געוואָרן נאָך גרעסער, ווען מיט עטלעכע חדשים שפּעטער האָט זיך אליהו אָפּגעזוכט זיין באַשערטע, חתונה געהאַט און אינגאַנצן זיך אָפּגעזונדערט פון דער משפחה יאַניש. קיינער ווייס ניט ווו, קיינער איז אויף דער חתונה ניט געווען, אַחוץ עטלעכע משפחה־מיטגלידער און קיינער ווייס ניט וואו זיין געביין איז אַהינגעקומען.

# די קיבוצים

ווי בלומען אין אַ טעפּיך פאַרוועבט, אַזוי זיינען די קיבוצים צעזייט און צעשפּרייט אין דער לענג און אין דער ברייט פון ישראל און גיט צו דעם לאַנד אַ פילפאַרביקן קאָלאָריט. אייגנטלעך איז דאָך גאַנץ ישראל איינגעהילט אין בלומען און אָנגעזאַפּט מיט בלוט. בלוט פאַר יעדן שפּאַן אויסגעקעמפּטער ערד און דערפאַר — שיינע בלומען. די קיבוצים, אַ חוץ באַשפּייזן דאָס לאַנד, טראָגן נאָך אַ גרעסערע אחריות אויף זיך: באַשיצן דאָס לאַנד. האָבן דאָך אונדזערע זין און טעכטער אַוועקגעוואָרפן זייער באַקוועמע היים, זייער געבוירן־אָרט, פאַרלאָזן טאַטע־מאַמע, אַלע נאָענטע און זיך אַוועקגעלאָזן אין יענע יאָרן צו בויען דאָס לאַנד, קיבוץ נאָך קיבוץ און אַזוי זיינען זיי אויסגעוואַקסן. שווערע יאָרן פון האָרעוואַניע און פּראַצע, קרענק, מאַלאַריע און אַנדערע אָנשיקענישן. אין איין האַנט דעם רידל — אין דער צווייטער די ביקס. געקעמפּט עקשנותדיק, פאַרביסן, די גרעסטע קרבנות געבראַכט און דערגרייכט דעם ציל. אָבער דער קאַמף איז נאָך ווייט ניט געענדיקט. מען מוז שטענדיק זיין אויף דער וואַך. שפּילן טאַקע איצטער די קיבוצים אַ קלענערע ראָל ווי פריער, אָבער די אחריות פאַרן לאַנד טראָגן זיי. זיי זיינען סטראַטעגישע פּונקטן, און דאָס לאַנד מוז זיי האָבן. אָן זיי — ווער ווייסט? אָבער אונדזערע זין און טעכטער זיינען ווייט ניט צופרידן מיט זייער לאַגע איצט, עפּעס שטימט ניט ביי זיי דער רעכענונג. זיי האָבן דאָ געפּאָקט און געמאָזלט, די בעסטע יאָרן אַוועקגעגעבן פאַרן לאַנד, אויפגעצויגן אַ יונגן דור און געהאָפט, אַז אויך זיי וועלן ירשענען די זעלבע אידעאַלן און פאָרזעצן זייער מסירת־נפשדיקע אַרבעט. וואָס האָט זיך אַרויסגעוויזן? מיט דער צייט און דורך יאָרן האָבן זיך אויסגעבויט אַזעלכע מאָדערנע, שיינע שטעט, ווי תל־אביב, וואָס איז קליין־פאַריז, טומלדיק, רעשיק, לעבעדיק; חיפה, ירושלים, רחובות. די יוגנט האָט זיך אַ לאָז־געטאָן צו די שטעט, צו שטודירן צוערשט און שוין נאָכער פאַרבליבן. דאָס פייגעלע האָט זיך אויסגעלערנט פליען און פאַר־לאָזן טאַטע־מאַמעס נעסט. איצט איז שוין אַפילו ענג געוואָרן אין די שיינע, רחבותדיקע שטעט און מען פליט שוין נאָך ווייטער, אַזש קיין אויסלאַנד! האָבן טאַטע־מאַמע זיך אָנגעהויבן אַרומצוקוקן: ביי וואָס זיינען זיי געבליבן? די קינדער זיינען זיך צעפלויגן, קיין סך כוחות זיינען ניט פאַרבליבן נאָך אַזעלכע יאָרן פון קאַמפן און האָרעוואַניע,

וואו קען מען פליען אָדער גיין, און מיט וואָס, מיט לײדיקע הענט? זיי, די שטאָטישע, האָבן אַלץ: נײַע, שיינע דירות, מיט אַלע מאָדערנע אײַנריכטונגען, אַ גרינג לעבן, פאַרווײַלונגען. פאַרוואָס קומט עס עפּעס זיי אַליין? טאָמער מאַכט מען שוין יאָ אַ מאָל אין אַ קיבוץ מאָדערנע אײַנריכטונגען, טוט מען עס לשם טובה וועגן, מען וואַרפט צו אַ ביינדל, הייסט עס. זײַנען זיי טאַקע אומצופרידן, אונדזערע אידעאַליסטן, אָבער שטיין שטייען זיי פעסט אויפן פּאָסטן, מיטן געווער אין האַנט און מיט אַן אויער אָנגעשפּיצט צום שונאס פּונקטן.

פון אַלע קיבוצים, וואָס אונדז איז אויסגעקומען צו באַזוכן, האָבן עטלעכע געמאַכט אויף מיר אַ געוואַלדיק־שטאַרקן אײַנדרוק.

עין החורש — וואו יחיאל, דעם פעטער חיימס ברודער, האָט אויפגעשטעלט אַ זעלטענעם מאָנומענט נאָך די געפאַלענע פון יענעם קיבוץ. ער האָט באמת אַרויסגעוויזן גרויס טאַלאַנט אין זײַן פאַך: איין גרויסע שטיינערנע וואַנט, צעטיילט און צעקעסטלט מיט יעדנס נאָמען, עלטער און איין דאַטע פאַר אַלע...

נגבה, מצודת יואב — דאָרט וואו די אַראַבער האָבן שוין געקענט זען די פײַערלעך פון תל־אביב און האָבן זיך שוין באַצייטנס באַלעקט, ווי דער וואָלף ביים אָנבליק פון אָרעמען שעפּסעלע... דאָרט, וואו עס זײַנען פאָרגעקומען די בלוטיקסטע שלאַכטן מיט מחנות אַראַבער קעגן אַ קליין הייפעלע אומבאַשיצטע, כמעט אָן געווער, אינגאַנצן אָן וואַסער, ווער ווייסט וויפיל טעג און וואָכן. אָט דאָס איז געווען דער קאַמף און דער זיג פון די דאָזיקע חשמונאים פון דער הײַנטיקער צייט. די לעכער אין די ווענט זאָגן עדות אויף די ביטערע קאַמפן און נאָר ממש מיט נסים האָט מען אויסגעקעמפט און געוואונען. איצט קוקן די לעכער מיט שטאָלץ און מיט וואָרנונג: זײַט אויף דער וואַך!

און ווער האָט עס ניט געהערט פון יד מרדכי? אָט דער מרדכי אַנילעוויטש פון דער וואַרשעווער געטאָ, וואָס האָט זיך מקריב געווען אויפן פײַערדיקן מזבח מיט דעם אויסגעשריי פון שמשון: „תמות נפשי עם פלשתים!״? דאָ שטייט ער, פון בראָנז אויסגעגאָסן, אַ ריז אויף אַ הויכן פּעדעסטאַל, אַזש מען דאַרף דעם קאָפּ פאַרריסן אים אָנצוקוקן, מיט אַ שטאַרקן אָרעם אויפגעהויבן גרייט אַ באָמבע אַראָפּצושליידערן! אַרום פעלזיק־הויכע בערג און בערגלעך, אַ קליינער פּאַרקל, ביימלעך, גראָזן בלומען. טויבן פליען, פייגעלעך פּישטשען, יאַשטשערקעס קריכן אַרויס און אַריין אין די שפּאַלטן פון די פעלזן און איבער אַלעם — אַ לויטערער, בלויער הימל מיט זון! געבענטשט זאָל זײַן דײַן אָנדענק, מרדכי! ניט איין מרדכי האָט דערהויבן און באַשיינט די געשיכטע פון יידישן פאָלק!

באַזונדערס ליב און טייער זײַנען צוויי קיבוצים אײַנגעקריצט געוואָרן

אין מיין זכרון און איינגעבאַקן געוואָרן אין מיין האַרצן; אפשר דערפאַר, וואָס פּעטער חיים האָט דאָרטן אַ שפּאָר ביסל פון זיינע לאַנדסלייט און חברים, טאַקע מלאַווער, וואָס צייכענען זיך אויס מיט אויסערגעווייגלעכער גאַסטפריינדלעכקייט. און וועלכער קבוץ צייכנט זיך ניט אויס אויף דעם געביט? וואו נאָר מיר זיינען אָנגעקומען, און אומגעריכטערהייט אַמאָל, האָט זיך באַלד עמיצער געפונען, וואָס האָט אַוועקגעלייגט זיין אַרבעט אָן אַ זייט און אונדז אַרומגעפירט ווייזן מיט גרויס שטאָלץ די ווירטשאַפט, די איינריכטונג, די איינאָרדענונג. אָבער די חברים פון קבוץ דן און כפר מנחם האָבן פּשוט ניט געוואוסט וואָס צו טאָן מיט אונדז פאַר פרייד. אין כפר מנחם, נאָכן צעוואַרעמען זיך אויפן היימישן שטייגער, מיט אָנרופן זיך ביי די נעמען און צונעמען, איז די שמחה געוואָרן אַזוי גרויס, אַז מען האָט שיער נישט צעריסן פּעטער חיימען אויף שטיקער: — אָ, וואַ, זע נאָר, הערש טוביהס מוזיניקל! — איך בין געזעסן ווי אויף אַ פרעמדער חתונה, איינגאַנצן אַ זייטיקע (איך בין דאָך ניט קיין מלאַווערין) און זיך צוגעקוקט צו דער סצענע אַזוי לאַנג, ביז כ׳האָב דערפילט ניייגעריקע בליקן אויף מיר. בין איך צוגעגאַנגען צו די בעלי־השמחה, מיט גרויס דרך־ארץ זיך פאַרנייגט און אַליין, אויף אַ באַשיידענעם אופן זיך פאָרגעשטעלט: — און איך בין פרוי יאָניש! איר פאַרשטייט? אין גרויס התלהבות האָט פּעטער חיים פאַרגעסן, אַז ער האָט נאָך אַ ווייב ביי דער זייט!

די שמחה האָט זיך ערשט פאַרגרעסערט, ווען מען האָט געבראַכט צו פירן נאָך עטלעכע מלאַווער פון דעם שכנותדיקן קיבוץ דפנה. מען האָט זיך דערמאָנט אַמאָליקע יאָרן צוזאַמען, אַרומגערעדט דעם נאָענטן עבר און דיסקוטירט דעם היינט. זיי האָבן זיך ניט געקענט אָנזעטיקן גענוג. ווייזט אויס, אַז זיי זיינען טאַקע להוט נאָך אַ פּנים חדשות, אַ ניי וואָרט, אַנדערע באַגריפן. וועגן זיך אַליין האָבן זיי ווייניק גערעדט. וואָרים וואָס איז דאָ אַ סך צו ריידן? איר זעט דאָך אַליין: מע לעבט. דאָס ניט דערזאָגטע זע איך אין דעם אויסדרוק פון די אויגן און אין געבראָכענעם האַלבן שמייכל אין ווינקל פון מויל.

אויב כפר מנחם איז טאַקע דורכאויס דאָרף, איז קיבוץ דן אויף דער מאָדערנער זייט פון דער שטאָט. דער קיבוץ געפינט זיך צופוסנס פון באַרג חרמון, דאָרט וואו דער ירדן הייבט זיך אָן. אָבער אויף דער צווייטער זייט ירדן קוקט אַרויס סיריע מיט גרויסע אויגן — ובכן, אַ סטראַטעגישער פונקט. אַמאָל איז עס געווען אַ געפערלעכער פונקט אויך, ניט איין אָנפאַל איז דאָ פאָרגעקומען. ניט איין מאָל האָט מען די קינדער געדאַרפט עוואַקואירן אין די שלאָף־זעק אויף די פּלייצעס פון די עלטערע, ווען מען האָט זיך דערוואוסט באַצייטנס פון אַזאַ

אָנפּאַל. הייגט־צו־טאָג האָט מען אַנדערע געברענטע צרות פון שונא און מען באַנוגנט זיך דערווייל מיט בונקערס און קאַמופלאַזש אויף יעדן שפּאַן ערד, און אין פּאַטרולירן דעם קיבוץ ביינאַכט. לא ינום, ולא ישן שומר ישראל! איז טאַקע ביינאַכט ממש חושך, מען זעט ניט ווייטער פון דער נאָז, אַפילו די לבנה וויל ניט אויסגעבן אַזאַ טייערן ביסן צום שונא. סודותדיק, פינצטער, אָבער ניט שרעקנדיק, זעען די בונקערס אויס ווי היימישע זיעמלאַנקעס, צוגעדעקט מיט צווייגן, בלעטער און בלומען. אַפילו אין דער פינצטער שרעקן זיי ניט, נאָר באַרואיקן. דיביימער שטייען פעסט, ווי זעלנער אויף זייערע פּאָזיציעס, אָן אַ מינדסטן ריר פון אַ צווייגל. בלויז פון צייט־צו־צייט פאַרנעמען מיר אַ שטילן שאָרך פון אַ דאַרטיקן, גייענדיק זיין וועג רואיק און זיכער אין דער פינצטער. און דער וועג פירט איצט צום גרויסן עס־צימער מיט די באַלויכטענע פענצטער — דער איינציקער פול־באַלויכטענער בנין, וואָס שפּעטער וועט ער אויך פינצטער ווערן, צוליב פאַרזיכטיקייט.

ביי אַ סך לאַנגע טישן, באַזעצט פון יונג און אַלט, לאָזן זיך אַלע וואוילגיין מיט דעם אָונטברויט. מען עסט, און מען דערלאַנגט נאָך און נאָך. מען זשאַלעוועט דיר ניט די ברכה פון דער ערד. געבאַקענע קאַרטאָפל, ציבלקעס גרינע, אוגערקעלעך. עס דאַכט זיך מיר, אַז כ׳האָב ערגעץ פאַרבלאָנדזשעט אין מיין שטעטל אויף אַ ליאַמע. אָבער דאָס איז נאָך ניט אַלץ. נאָך דעם עסן הייבט זיך אָן די אַזוי־גערופענע אינספּעקציע: צוערשט קומט די קיך מיט אַלע מאָדערנע איינריכטונגען, די מאַשינעריע פון דער לאַנדווירטשאַפט, די איינריכטונג פון דער „נוירסערי" — אַלץ שמעקט דאָ מיט גרויס־שטאָט. יעדעס הויז האָט מער אָדער ווייניקער מאָדערנע איינריכטונג, ווי אין דער גרויסער שטאָט. דאָס, באַרימען זיי זיך, האָט זיי געקאָסט גענוג מי און קאַמף, ביז מען האָט זיי באַוויליקט.

דעם גרעסטן איינדרוק האָט אויף מיר געמאַכט דער לייען און אָפּרו־זאַל. דער בנין אַליין איז אַ שטיק מייסטערווערק, סיי אויסערלעך, סיי אינערלעך. איך בין אַריין ווי אין אַ מקום־קדוש. דאָ פאַרברענגט דער קיבוצניק זיין אָוונט אין לייענען פאַרשיידענע ביכער, צייטונגען, זשור־נאַלן, טרינקען טיי; קאַווע מיט צובייסעכץ, אָדער זאָפּט — אַלץ אומזיסט. דאָ איז זיין גייסטיקע וועלט. איך בין געוואָרן אַזוי פאַרכישופט פון אַלץ און אַלעמען, אַז עס האָט זיך מיר פשוט געוואָלט פאַרבלייבן — דערווייל כאָטש איבער נאַכט.

די נאַכט בין איך געשלאָפן זיס און רואיק, כמעט אין די אָרעמס פון ירדן. צוקאָפּנס מיין פענצטער האָט ער געמורמלט אַ וויג־ליד און די כוואַליעס האָבן אָן אויפהער געפּאַטשט דעם ברעג.

# דער וועג קיין אילת

צו מאַכן אַזאַ לאַנגע רייזע ווי פון תל־אביב קיין אילת, האָבן מיר געמוזט זיך אַרויפזעצן אויף אַן אויטאָבוס אין תל־אביב, צוזאַמען מיט נאָך פּאַסאַזשירן, טוריסטן פון אַלערליי לענדער און אַפילו ותיקים, איינגעזעסענע. דער טרייבער און וועג־ווייזער האָט זיך באַלד אַרויסגעוויזן צו זיין אַ טאַלאַנטפולער, אינטעליגענטער מענטש, דער עיקר באַהאַוונט אין געשיכטע און היסטאָרישע באַדייטונגען, וואָס ביים דערציילן זיי, קענען זיי ברענגען נוצן אי דעם לאַנד, אי דעם טוריסט... ער האָט גערעדט אויף עטלעכע שפּראַכן, אַפילו רוסיש, געזונגען אַלערליי לידער און אויך רוסישע ראָמאַנסן. דאָס האָט אַ ביסל דערפרישט אונדזער לאַנגע נסיעה, בפרט ווען מען איז אַריין אין סאַמע האַרץ פון מאָנאָטאָנעם נגב. אגב האָט ער איינגעשפּאַנט דעם עולם אויך. און דער עולם האָט זיך ניט געלאָזט לאַנג בעטן. מען איז געלאָפן צום מיקראָפאָן זינגען, מען האָט געקרייט, געשלוקעכצט, ווי איינער האָט געקענט, געטיילט זיך מיט די איינדרוקן פון לאַנד, דערציילט זיך אַלטע, פאַרשימלטע וויצן. פעטער חיים האָט אויך געהאַלטן אַ שטיקל דרשה ביים מיקראָפאָן, געלויבט אַלץ און אַלעמען, גאַרניט ווי אַ בונדיסט, האָב איך געטראַכט, אָבער צום סוף האָט ער אַריינגעוואָרפן די באָמבע וועגן יידיש. הלמאי ווערט יידיש אַזוי אומברחמנותדיק אונטערדריקט אין ישראל? — נו, איז — „פרעגט די וועלט אַן אַלטע קשיא" — אַזוי הייבט אָן דער קלוגער וועג־ווייזער צו זינגען און די קשיא ווערט אויף אַזאַ אופן פאַרענטפערט, אָבער בלייבט אַלץ אַ קשיא...

ווער האָט אייך געזאָגט, אַז אַ מדבר מוז זיין אַ פעלד פון דורכאויס גליענדיקן זאַמד, אָן אַ גרעזל, אָן אַ ביימל, און אַז די זון ברענט דאָרט סכנות נפשות און, אַז מע דאַרף דאָרט אויסגיין פון דאָרשט? ווער רעדט ווען עס טרעפט אַ שטורעם אין מדבר, ווערט מען דאָרט פאַרשאָטן מיט הייסן זאַמד ווי אין אַ לעבעדיקן קבר! אַזאַ בילד האָב איך אַלעמאָל געהאַט אין מיין דמיון נאָך פון מיינע קינדער־יאָרן, ווען איך האָב זיך אָנגעלייענט מיט זשול ווערנס רייזע־באַשרייבונגען. אונדזער מדבר, דער נגב, איז גאָר קיין פאַרגלייך ניט, ס'איז דאָך ממש אַ גן־עדן! ווער רעדט נאָך, ווען מען גליטשט זיך אויף די כבישן, אויף די אַספאַלט־גלאַטע שאָסייען, וואָס זיינען דורכאויס אויסגעאַרבעט געוואָרן מיט יידישע

הענט, נאָך דער אַנטשטייאונג פון דער יידישער מדינה?! דאָס איז דאָך דער גרעסטער וואונדער, אַן אוטאָפּיע איז פאַרווירקלעכט געוואָרן. ווער וואָלט עס אַמאָל געחלומט פון אַזאַ געוואַגטן שריט... בויען אַזאַ פּרעכטיקן שאָסיי דורכן נגב, וואָס פאַרבינדט גאַנץ ישראל מיטן דרום? ווי אַלע שווערע דערגרייכטע זאַכן, האָט דאָס אויך אָפּגעקאָסט אַ חוץ געלט, געבוג שווייס און בלוט און שווערע קרבנות. די שונאים פון אַלע זייטן האָבן געשטערט און ניט איין מאָל האָט מען געמוזט פאַרריכטן און אָנהויבן פון דאָס ניי. איצט איז די קאָמוניקאַציע אָן ספק אַ לייכטערע און מער אַנטוויקלטע אויף אַלע וועגן.

די ערשטע שטאָט, פון וואַנען דער נגב הייבט זיך פאַקטיש אָן, איז באר־שבע, אונדזער אברהם אבינוס שטאָט. אָבער פון תל־אביב ביז באר־שבע זיינען מיר פאַרבייגעפאָרן אַ סך קאָלאָניעס, קיבוצים און שטעטלעך, ווי נס־ציונה, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן מיט פופציק יאָר צוריק, ראשון לציון מיט אירע ווייַן־קעלערן און רחובות, דאָס וואוין־אָרט פון שאול און רחל, אונדזערע פלימעניקעס, וויצמאַן־אינסטיטוט און דער קבר פון ערשטן נשיא פון דער מדינה — חיים וויצמאַן. אָבער דערווייל זיינען מיר אין באר־שבע בלויז זיך אָפּשטעלן אויף אַ ווייל, אָנפּאָיען ס׳פערדל, ס׳הייסט, אָנפילן דעם טאַנק פון אויטאָבוס און אונטערלענען דאָס הערצל מיט פרישטיק, מחמת מיר זיינען אַרויסגעפאָרן פאַרטאָג, אפשר פאַר שחרית נאָך, אָן אַ כזית.

אָפּגעגעסן, אָפּגעטרונקען, נאָך איידער ס׳איז געווען צייט זיך אַרומ־צוקוקן, שוין היידאַ, געפאָרן ווייטער. דער וועג גלאַט, עס פאָרט זיך לייכט, אויפן געמיט איז גרינג — אַלע זאָרגן איבערגעלאָזן אויף יענער זייט ים. וואָס ווייטער אין וועג — אַלץ ווייטער פון דער ציוויליזאַציע. פון בײדע זייטן וועג, רעכטס און לינקס, קוים מיטן אויג צו דערכאַפּן, ווייזן זיך אַ סך שוואַרץ־טונקעלע פלעקן, ווי צעזייטע סטאַדעס שאָף, אָדער אפשר אַ כאָפּטע מכשפים. אַ קשיא אויף אַ מעשה, טראַכט איך, זיי וועלן אונדז נאָך אָפּטאָן דאָ אַ שטוקע און אונדז איבערקערן מיטן אויטאָבוס. אָבער אונדזער וועג־ווייזער דערקלערט אונדז, אַז דאָס זיינען בעדואיִנישע ביידלעך, צעלטן, דאָרטן וואוינען גאַנצע פאַמיליעס מיט קינדער און קינדס־קינדער, מיט די קעמלען און שעפּסן. טאַקע אַ ביסל ווייטער זעען מיר זייערע סטאַדעס: אַ פּאָר אויסגעדאַרטע קעמלען בלאָנקען אַרום מיט מעלאַנכאָלישע אויגן, נישטערן אין טרוקענעם זאַמדיקן, שטיינערנעם באָדן. קוים געפינען זיי עפּעס אַ דאָרן, אַ צווייגל, אַ קוסטל אַ פאַר־דאַרטס, זיינען זיי עס עוקר מן השורש, כראָמשטשען עס אַזוי לאַנג מיט זייערע גרויסע געלע ציין, גלייך ווי עס וואָלט זיי אַ שאָד געווען אַראָפּ־צושלינגען אַזאַ טייערן ביסן. עס כאַפּט מיך אָן אַזאַ גרויס רחמנות

און כ׳ווייס ניט אויף וועמען, צי אויפן הונגעריקן קעמל, צי אויפן בידנעם, אָרעמען קוסטל. אָט קומט אָן אַ בעדואינקע מיט איר קליין ברודערל. צוויי בלעכן טראָגן זיי אין די הענט און אַ סטאַדע שוואַרצע ציגן גייט זיי נאָך פון הינטן. כ׳וואָלט געשוואָרן, אַז אַזאַ בילד האָב איך ערגעץ געזען אין מיין דמיון. יאָ, רבקה גייט צום ברונעם און טרינקט אָן אליעזרן מיט זיין קעמל. האָבן זיי דאָך אויך געוואוינט, אונדזערע אָבות, ווי די בעדואינער! אַ שלאַנקע, אַ שיינע איז זי, די בעדואינקע, כאָטש איר פּנים איז האַלב פאַרהאָנגען. זי גייט צו די שפּאַלטן פון די פעלדזן, צו די גריבער און קאַנאַוועס אַרום, וואו עס האַלט זיך אויף אַ סך וואַסער פון די פריערדיקע רעגנס. מיר שטעלן זיך אָפּ און גיבן איר צו פאַרשטיין, מיט די הענט און צייכנס, אַז מיר ווען איר באַצאָלן בלויז פאַר נעמען אַ בילד פון איר. זי שמייכלט און איז וויליק. אַלע וואַרפן איר צו מטבעות, וואָס איר ברודערל קלייבט צונויף. זי מאַכט די געהעריקע פּאָזע און נאָך איידער פעטער חיים שטעלט אָן ריכטיק זיין אַפּאַראַטל און האַלט שוין ביים קוועטשן דעם דזשימדזשיק, פאַרשטעלט זי מיט איין האַנט דאָס פּנים. אויפן בילד קען מען זען אַ לאַכעדיק אויג, וואָס קוקט אַרויס דורך די פינגער און אַן אוירינגל, וואָס הענגט אַראָפּ פון נאָז.

און אָט פאָרן מיר שוין ווייטער. — אָט דאָ — ווייזט אונדז אָן דער וועג-ווייזער אויף אַ גרויס הויז פון דער ווייטנס — וואוינט דער רייכסטער בעדואינער פון לאַנד. ער איז שוין אפשר איבער 90 יאָר אַלט און ווייס אַליין ניט וויפיל ווייבער, קינדער, אייניקלעך און אור־אייניקלעך ער האָט. ער איז דער איינציקער וואָס האָט אַ טעלעוויזיע און פירט אַ „רייך הויז״. נאָ דיר ציוויליזאַציע אין מיטן נגב! ער האָט געהאַט איינגעלאַדן מרס. רוזוועלט צו מיטאָג, ווען זי האָט באַזוכט דאָס לאַנד און ער האָט זיך פאַרליבט אין איר. ער האָט איר געמאַכט אַ הייראַט־פאָרשלאָג און איר צוגעזאָגט, אַז גאָרניט וועט געמינערט ווערן פון איר, און צווישן אַלע אַנדערע ווייבער זיינע וועט זי נאָך אַלץ זיין ביי אים די ערשטע ליידי. ווייזט אויס, אַז פון שידוך איז גאָרניט געוואָרן — אַזוי פאַר־ענדיקט דער וועג־ווייזער און איך טראַכט ביי זיך: אויב ס׳איז אַפילו ניט קיין אמת, איז עס אויך אַ שיינער ליגן...

אָפּגעפאָרן ווייטער אַ היפשן מהלך, צווישן הימל און פעלדזן־בערג, דערזעען מיר פון ווייטנס אַ קליין אָאַזיסל. איך רייב די אויגן און כ׳מיין, אַז איך חלום: אָט דאָס איז עס, האָב איך געטראַכט — אַ מיראַזש. אַזוי פלעגן די וואַנדערער אָפּגענאַרט ווערן פון זייערע אייגענע האַלוצינאַציעס. נאָך איידער כ׳האָב געקענט דערפירן מיין געדאַנק ביזן סוף, האָט אונדז דער וועג־ווייזער מיט שטאָלץ דערקלערט, אַז דאָס איז שדה־בוקר, די איצטיקע רעזידענץ פון דוד בן־גוריון. דאָ, כמעט אין

מיטן נגב, האָט ער זיך אויסגעקליבן צו וואוינען און זאָלן אַלע נאָכטאָן זיין ביישפּיל!

די זון ווערט אַלץ העלער און שטאַרקער, אָבער מיר פילן ניט די היץ. דער אויטאָבוס איז איינגעאָרדנט מיט אַ קילונג־סיסטעם. פאַרהאַקט און פאַרהאַמערט די פענצטער, אַז דער שטויב פון מדבר זאָל ניט אַריינ־דרינגען און גריזשען אין האַלדז. מען האָט אונדז אַפילו צוגעזאָגט מכבד צו זיין מיט קאַלטע געטראַנקען, וואָס זיי האָבן אָנגעגרייט אין אייז־קאַסטן פאַרן אַרויספאָר. וואָס ווייטער, ווערט די רייזע אַלץ מאָנאָ־טאָנער. די זעלבע גרויסע פעלזיקע בערג ביי ביידע זייטן וועג. בערג — רויטע ווי קופּער, בערג — שוואַרץ ווי טאָרף, בערג — ווייס ווי קאַלך. קומט מען טאַקע גראָבן און נישטערן. דערוויייל האָט מען נאָך גאָרניט געפונען, אָבער מען זוכט. אַלערליי געשטאַלטן נעמען זיי אָן די בערג: אַנדערע קוקן אויס ווי אַ גרופּע אַלטיטשקע, צונויפגעטוליעט איינס צום אַנדערן. ווער ווייס, אפשר ווען די יידן האָבן געוואַנדערט דורך דעם מדבר, זיינען זיי פאַרשטיינערט געוואָרן צוליב אַ גרויסער עבירה. איין קליין פעלזן־בערגל, אָפּגעזונדערט פון אַלע, שטייט האַרט ביים וועג און זעט אויס ווי אַן אמתער אינדיאַנער, אַפילו מיטן פעדער אין קאָפּ, וואָס די נאַטור קען אַלץ צוטראַכטן! אָט איז אַ פרישער קבר ביים וועג. דאָס געלע זאַמד איז נאָך פייכט. אַ פּאָר בלימלעך און אַן אויפשריפט. דער וועג־ווייזער פאַרלאַנגזאַמט זיין פאָרן און דערקלערט אונדז: מיט אַ פּאָר טעג צוריק איז מען דאָ באַפאַלן אַ טראָק, וואָס האָט געפירט שפייז קיין אילת און דערהרגעט דעם טראָק־טרייבער, אַן אַ פאַרוואָס. די שפּורן האָבן געפירט קיין עבר־הירדן. איצט ליגט ער דאָ, ביים וועג, ווי אַ מאָנונג און אַ וואָרנונג צוזאַמען.

פונקט אין מיטן וועג זיינען מיר שטיין געבליבן ביי דעם העכסטן באַרג אין נגב — מצפּה־רמון. עס האָט געשווינדלט פאַר די אויגן די הויכקייט און דער וועג־ווייזער האָט מיט שפּאַס אַ קוועטש־געטאָן אַן אויגל, אַ זאָג־געטאָן: — אַ נו, ווער וועט וועלן זיין דער ערשטער אַרויפצוקריכן? און ניט וואַרטנדיק אויף אַן ענטפער, האָב איך פּלוצלונג דערפילט ווי דער אויטאָבוס דראַפּעט זיך אַרויף, אַלץ העכער און העכער, און איידער כ׳האָב צייט געהאַט צו פאַרענדיקן מיין ווידוי, זיינען מיר שוין געווען אויבן, אויפן שפּיץ דאַך פון מצפּה רמון. דאָס איז, דאַכט זיך מיר, געווען דאָס שווערסטע, ריזיקאַלישסטע שטיקל אַרבעט, וואָס כ׳האָב זיך ווען פאַרגעשטעלט.

אַרויס אויף דער אויבערפלאַך, בין איך געבליבן געפּלעפט פון דער גאַנצער פּאַנאָראַמע: אַלע הויכע ריזיקע פעלדזן־בערג זיינען געלעגן אונטן

ביי מיינע פיס, צוגעדעקט מיט אַ טיף־בלויען הימל אָן איין וואָלקן. דער גאָלד־ברוינער מדבר־וועג האָט אויסגעקוקט ווייסט און פאַרלאָזן, האַרט און פאַרשטיינערט. עס האָט אויסגעקוקט, ווי דער באַרג מצפה רמון האָט זיך דאָ פאַראַנקערט ווי נחס תיבה נאָכן מבול און דורך די טויזנטער יאָרן האָבן זיך וואַסערן דאָ אויסגעטריקנט. ווייל, הערט און שטוינט: אויפן דאָזיקן באַרג האָבן מיר געפונען אַן ערשט־קלאַסיקן, גרויסאַרטיקן רעסטאָראַן פון אַלעם גוטן, אַזאַ וואָס וואָלט זיך אסור ניט פאַרשעמט אויף דילענסי סטריט צווישן די ערשט־קלאַסיקע רעסטאָראַנען. מיר האָבן זיך באַזעצט ביי די טישן, וואָס זיינען פון פריער שוין געגרייט געוואָרן פאַר אונדזערטוועגן און באַשטעלט וואָס אונדזער האַרץ גלוסט. עס איז געווען אומגלויבלעך, נאָכן אָפּפאָרן אַזאַ וויסטעניש, אַריינצופאָרן אין אַזאַ לעבעדיקן אָאַזיס. נאָכן אונטערלענען דאָס האַרץ מכל טוב, האָט אונדז דער וועג־וויזער געפירט ווייזן אַלטערטימלעכע אויסגראָבונגען, באַלד דערנעבן, אַ פּאָר שטאַפּלען אַרונטער איז די רוימישע פעסטונג נבתים — דער אַקראָפּאָליס פון מדבר. מען האָט דאָ אויסגעגראָבן גאַנצע היילן און קעלערן און פאַרשיידענע שטיין־מכשירים, וואָס האָבן באַוויזן, אַז די רוימער האָבן זיך דאָ פאַרנומען מיט קוועטשן וויינטרויבן און מאַכן וויין. האָבן טאַקע וויסנשאַפטלער און אַגראָנאָמען אויסגעפּרואווט אַלערליי סאָרטן וויינטרויבן און געפונען טאַקע איין מין, וואָס קען דאָ וואַקסן אין מדבר מיט ווייניק וואַסער. אָט די דאָזיקע דערפינדונג וועט, ווייזט אויס, ברענגען דאָ אַ ישוב, און עס האַלט טאַקע דערביי. אַ סך ציטוויילעקע הייזלעך זיינען שוין דאָ אויסגעבויט געוואָרן.

מיר געזעגענען זיך מיטן זיסן אָאַזיסל ביז מאָרגן צוריקוועגס, ווען מיר וועלן וויטער זיין פאַרשמאַכט. די זון נויגט זיך אַלץ וויטער צום מערב און מיר דערנענטערן זיך אַלץ נענטער צו דרום. לויטן זייגער איז שוין שפּעט, אָבער דער טאָג איז נאָך ליכטיק און העל. זאָלן מיר כאָטש אָנקומען אין צייט, פאַר ליכט־בענטשן. ווער ווייס, צי מען איז אין אילת אַזוי פרום ווי אין ירושלים! אגב איז דאָ אין לאַנד ניטאָ קיין בין־השמשות. מיט אַ מאָל פאַלט צו די נאַכט, אָן אַן איבערגאַנג, אָבער דאָ זאָגט אונדז אָן דער וועג־וויזער, מיר זאָלן זיך מאַכן גרייט. באַלד פאָרן מיר דורך די היכלי־שלמה און די קופּער־מינעס פון תמנה. פון דאַנען קיין אילת איז שוין אַ קאַצן־שפּרונג. און תוך כדי דיבור, פאָרן מיר אַריין צווישן אַן אַלייע פון הויכע קופּערנע בערג — דאָס זיינען היכלי־שלמה. דאָ, לויט דער מסורה, האָט געדאַרפט זיצן שלמה אויף זיין טראָן, הינטער די קופּערנע זיילן. איך קוק זיך גוט צו צו זיי און מיר דאַכט זיך, אַז זיי האָבן פּנימער פון מענטשן, פון זיינע חכמים מסתמא.

אפשר זיינען זיי דאָ פֿאַרשטיינערט געוואָרן? אָט פֿון זיי ציט די מדינה איר קופּער און באַלד אויפֿן אָרט ווערט עס אויסגעאַרבעט און אויסגע־קריסטאַליזירט. איך קען זיך ניט אָפּקוקן פֿון דער פּאַנאָראַמע. אונדזער ריזיקער אויטאָבוס זעט אויס ווי אַן אַרבעסל ביי די פֿיס פֿון די היכלי שלמה. די זון זעצט זיך איצט אין איילעניש און צינדט אָן דעם הימל מיט אַ העליש פֿייער. אַלץ ברענט: עס ברענען די בערג מיט קופּערנעם פֿייער, עס ברענט דער ים־ברעג, קוים צו זען אים פֿון דער ווייטנס — דער גאַנצער האָריזאָנט איז איין העלישע שריפֿה!

ווען מיר האָבן זיך דערנענטערט צום אילת, האָבן שוין געברענט די שבת־ליכט און פֿרום־סודותדיק געוואונקען צו אונדז...

# א י ל ת

אַריינגעפאָרן אין אילת זיינען מיר מיט די ערשטע שטערן, וואָס האָבן זיך באַוויזן אויפן ראַנד פון הימל ביים ים־סוף. מיר האָבן קוים צייט געהאַט צוצוגיין צו אונדזערע אָנגעוויזענע צימערן, זיך אַרומ־וואַשן, איבערטאָן זיך און גיין עסן די פרייטיק־צו־נאַכטיקע וועטשערע אין דערבייאיקן רעסטאָראַן. פעטער חיים און איך האָבן געקראָגן אַ צימער אין אַ פּריוואַטער היים, ווייל דער דאָרטיקער האָטעל איז שוין געווען איבערגעפולט. אַ חוץ אונדז זיינען געווען נאָך טוריסטן און די שטאָט, ווייזט אויס, האָט זיך ניט געקענט קיין עצה געבן. אונדזער צימערל האָט אונדז אויסגעקוקט ווי אַן אמתע תפיסה: אַ הויכער סופיט מיט אַ קליין פענצטערל אין דער הייך, דורך וועלכן מע קען בלויז זען אַלערליי פיס פון די פאַרבייגייער און פאַרנעמען זייערע רייד; צוויי שמאָלע בעטלעך, ווי אין סדום, וואָס אויב מע דאַרף זיך איבערקערן, מוז מען צוערשט אַרויסגיין פון בעט און אַריינגיין צוריק אין דער פאַרקערטער ריכטונג. דאָס האָב איך ערשט אויסגעפינען ביינאַכט און במילא אַ גאַנצע נאַכט ניט געקענט שלאָפן.

דערווייל האָלט איך ביים נעמען אַ שפּריץ אָנו וועגן דעם איז גאָר קיין פראַגע ניט: אויך דאָ אין שפּריץ, דער זעלבער הויכער סופיט מיטן קליינעם פענצטערל אין דער הייך און די זעלבע פאַרבייגייענדיקע פיס. אַמאָל בלייבן זיי שטיין, טאַקע די פיס, און ווילן אַזוי גיך ניט אַוועקגיין. וואָס טו איך טאָמער פאַרווילט זיך עמעצן אויף קאַטאָוועס איינבויגן, אַ קוק טאָן וואָס עס טוט זיך אינעווייניק און געפינט אַ נאַקעטע מאָנאַ־ליזאַ?! נו, איך וועל זיך שוין אַן עצה געבן אָן אַ שפּריץ, אַבי לאָז מיך נאָר אַרויס פון דאַנען.

דער רעסטאָראַן האָט מיר אויסגעקוקט ווי אַ פּאַלאַטע פון אַ וואַנדערנדיקן צירק. דער דאַך איז געווען געדעקט מיט עפּעס אַזוינס, וואָס האָט אויסגעקוקט ווי פאַרשידנפאַרביקע קאָלירטע פּאַפּיר, צוגעפּעס־טיקט צו באַמבוק־שטעקלעך, מיט שטריקלעך און בענדלעך. ביים מינדסטן ווינטל האָט זיך דער גאַנצער דאַך געהייבן ווי אַ חופּה און דערביי געשאָרכט אַזוי שטאַרק, ווי אַ כלה וואָלט געגאַנגען צו איר חתונה־מאַרש אין אַ זיידן אונטער־קלייד... מאָדנע פרעמד און עקזאָטיש

האָט מיר אויסגעקוקט דער גאַנצער אַרום. בלויז די וועטשערע האָט מיר דערמאָנט דעם היימישן פרייטיק־צו־נאַכט: די חלה, געפילטע פיש און לאָקשן מיט יויך, עוף. אָבער פון איין געריכט ביזן צווייטן האָט געדויערט אַן אייביקייט. עס זיינען בלויז געווען צוויי קעלנערינס, טאָ וואָס זאָל מען טאָן? דערווייל האָט זיך צוגעשאַרט צו מיר אַ קאַץ, איך ווייס ניט פון וואַנען. טאַקע, פון וואַנען האָט זי געוואוסט, אַז איך בין אויך אַ קעצישע מאַמע? און עס פאַרקלעמט מיר מיין האַרץ און איך קאָרמע זי אָן בשתיקה מיט מיין חלק הון — זאָל זי אויך וויסן, אַז ס׳איז שבת! דערביי דערמאָן איך זיך אָן מיין קימפעטאָרין מיט אירע קעצלעך: זיי זיינען שוין אוודאי גרויס אויסגעוואַקסן.

קוים אָפּגעפּטרט די וועטשערע. מיר האָבן געוואָלט כאַפּן אַ שפּאַציר צום ים, אָבער ס׳איז געווען אוממעגלעך. שטאָק־פינצטער, מע קען ברעכן הענט און פיס. אַזאַ פינצטערניש האָט פּרעה מסתמא באַקומען אין איינער פון זיינע צען מכות. זיינען מיר אַריין אין אונדזער „תפיסה־צימער״ זיך לייגן שלאָפן, אָבער בעת מעשה האָב איך ניט פאַרגעסן גאָלדעס אָנזאָג: מיר זאָלן זיך למען השם גוט צודעקן, ווייל ביינאַכט איז אין אילת קאַלט, ממש אַ פראָסט. ווידער ד״ר יוניס האָט זיך פשוט געבעטן ביי מיר מיט זיין אָנזאָג: למען־השם, מומע ריווע, זאָלסט ניט פאַרשלאָפן דעם זון־אויפגאַנג אין אילת. דאָס איז עפּעס אַזוינס, וואָס אַפילו אַ מאָלער קען עס ריכטיק ניט אָפּמאָלן. איך האָב אַ זאָג געטאָן צום פעטער חיים: — שלאָף גיכער, חיים, מען דאַרף שוין באַלד אויפשטיין. איך האָב אַ גאַנצע נאַכט קיין אויג ניט געקענט צוטאָן. כ׳האָב מורא געהאַט, אַז כ׳וועל חלילה פאַרשפּעטיקן. קאַלט איז דווקא ניט געווען, אָבער הייס אויך ניט. בין איך געלעגן און געקוקט אַ גאַנצע נאַכט אויף מיין האַנט־זייגערל מיטן פאָספאָרישן ציפערבלעטל.

איך האָב אָנגעהויבן פילן, אַז די נאַכט ווערט אויסגערונען, נאָך דער טיפער שטילקייט, נאָכן קילן ווינטל, וואָס האָט אַריינגעהויכט פון קליינעם פענצטערל פון אויבן און לויט צאַרטע, דורכזיכטיקע פאַסן ליכט. כ׳האָב זיך אויף גיך אָנגעטאָן, אַ שטורך־געטאָן פעטער חיימען, ער זאָל שוין אויפשטיין און געהיט דאָס קליין פענצטערל. פעטער חיים האָט זיך געלאָזט לאַנג בעטן. ער האָט געבורטשעט, געוואָרטשעט, זיך שיער ניט צעשניטן ביים קראַצן די באָרד, און צום סוף זיך אַרויסגעלאָזט מיט מיר צום ים זען דעם זון־אויפגאַנג. אויפן וועג האָבן מיר אָנגעטראָפן אַ סך אַרבעטער איילנדיק זיך צו די אויטאָבוסן, וואָס האָבן זיי געפירט צו דער אַרבעט קיין תימנה. זיי האָבן זיך אוודאי געוואונדערט אויף די צוויי משוגעים שבת פאַרטאָג. אָבער איך בין ניט געווען משוגע. דאָס

בילד, וואָס האָט זיך אַנטפּלעקט פאַר מיר, איז געווען עפּעס אַזוינס, ווי ניט פון דער וועלט. אפשר פון יענער וועלט, פון מעשי בראשית, ווען ליכט מיט פינצטערניש האָט זיך געראַנגלט אַזוי לאַנג, ביז די ליכטיקייט האָט זיך אָפּגעטיילט, צוערשט אין רויטע גאָלדענע שטראַלן, אַנגעצונדן די בערג אַרום, וואָס האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט אין שטילן, דרימלענדיקן ים־סוף. דאַכט זיך, אַז איך האָב פאַרנומען אַ כאָר פון כרובים און מלאכים און כ'האָב דערזען אַ גאָלדענע שטול אין ווייטן האָריזאָנט. ווייטער האָב איך מורא געהאַט צו קוקן. עס איז געווען צו פיל שיינקייט דאָס אַלץ צו פאַרנעמען און איינזאַפּן. איך בין געשטאַנען ווי אַ צוגעשמידטע אויפן בריקל ביים ים־סוף און פאַרנומען דאָס שעפּטשען פון די כוואַליעס און זייער קושן אַן אויפהער דעם ברעג. איך האָב געזען אויף אַן אמת ווי אַ טאָג ווערט געבוירן.

— נאַ, אָט האָסטו דיר דעם ים, און אָט איז די זון — ביסט שוין צופרידן? — אַזוי האָט אַ זאָג געטאָן פּעטער חיים מיט רוגזה און מיך אַראָפּגענידערט פון הימל צוריק צו דער ערד. — איצט, קום צוריק אין רעסטאָראַן, אָפּעסן פרישטיק, ווייל מיר דאַרפן באַלד דורכמאַכן אַ נסיעה אויפן ים־סוף, אין די שיפלעך מיט די גלעזערנע דעקן.

דער וועג צוריק איז ניט געווען אַזוי איינפאַך. צו אונדזער גרויסן בזיון, האָבן מיר פאַרבלאָנדזשעט. ווי קליין דאָס שטעטל איז געווען (אַוודאי איז עס שוין איצט אויסגעוואַקסן), האָבן מיר זיך ניט געקענט פאַנאַנדערקלייבן. קיין נאָמען פון האָטעל, אָדער רעסטאָראַן, האָבן מיר אויך ניט געדענקט, סיידן אָנגעבן אַ סימן פון דעם צירק־דאַך פון רעסטאָראַן. איז אַפילו ניט געווען וועמען אָפּצושטעלן, מען האָט ניט געהאַט וועמען צו פרעגן, קיין לעבעדיקער נפש איז ניט געווען בנמצא. אַלע זיינען נאָך געווען פאַרזונקען אין שבת־פרימאָרגנדיקן שלאָף. פּעטער חיים האָט געבורטשעט: נו, אַ ים האָט זיך איר פאַרוואָלט, אַ זון־אויפגאַנג! עס איז מיר געוואָרן קאַלאַמוטנע אויפן האַרצן: איך האָב זיך שוין פאַר־געשטעלט ווי מיר פאַרשפּעטיקן די רייזע מיט די שיפלעך, אַפילו די רייזע מיטן באַס אויף צוריק!

מיר האָבן זיך אַזוי לאַנג געדרייט אין אַ פאַרכשופטן קרייז, ביז עס איז געלונגען פּעטער חיימען זיך ארויסצופּלאָנטערן און געפינען אונדזער „צירק־רעסטאָראַן". דאָרטן האָבן מיר שוין געטראָפן די גאַנצע חברה. דאָס עסן האָט ניט געדויערט לאַנג און היידאַ, צו די שיפלעך אויפן ים־סוף!

מיר זיינען אַריינגעשטיגן אין עטלעכע שיפלעך און זיך געלאָזט איבערן ים־סוף. איך האָב קיין איין מינוט ניט פאַרגעסן, אַז דאָס איז טאַקע דער זעלבער ים, וואָס משה רבינו האָט געשפּאָלטן פאַר די יידן

ביי יציאת מצרים. טאַקע איבער דעם ים פלעגן אָנקומען קיין ישראל אַלערליי שיפן מיט סוחרים און אָנגעזאָעענע לייט צו שלמה המלכס פּאַלאַץ. אַ סברה, אַז די מלכה שבא אַליין, אָט די שיינע ברוין־הויטיקע און שוואַרץ־אויגיקע, פלעגט מאַכן אָפטע וויזיטן צו שלמהן, כדי אים פּער־זענלעך אויסדריקן איר באַוואונדערונג פאַר זיין חכמה. מיינע ווייטער־דיקע געדאַנקען האָט איבערגעריסן דער קאַפּיטאַנדל פון שיפל מיט אַן אויסגעשריי: — הביטו למטה, בבקשה (קוקט אַראָפּ אונטן, ביטע)! — און אַלע קעפּ האָבן זיך אויטאָמאַטיש אַראָפּגעלאָזן צום דעק פון שיפל. צוערשט זיינען די וואַסערן געווען קאָלירלאָז און מוטנע, אָבער וואָס טיפער מיר זיינען אַריינגעפאָרן, האָט זיך דאָס וואַסער אָנגעהויבן אויסצו־לייטערן. מען האָט שוין געקענט זען דעם זאַמדיקן גרונט. דאָ און דאָרט האָט זיך געוואַלגערט אַ שוך, אַ זאָק, אַ בענדל, וואָס עמיץ האָט פאַרלוירן. ווער ווייסט, אפשר טאַקע די יידן דעמאָלט, ביים אַריבערגיין אין איילעניש? דאָס וואַסער איז שוין איצט לויטער בלוי און דורכזיכטיק — און ס׳האָט זיך אָנגעהויבן פאַר אונדז אַנטפּלעקן פאַרכשופטע וועלטן, וואָס נאָר די פאַנטאַזיע אַליין קען אַזוינס אויסמאָלן: אַן ערגעץ־לאַנד אונטערן וואַסער! גאַנצע פּאַלאַצן פון קאָראַלן, פאַרשיידנאַרטיק געבויט און געפורעמט, אַזוי ווי דער גרעסטער אַרכיטעקט האָט געפּלאַנט. אַלערליי גרינסן, קוסטעס בלומען און צווישן זיי אַלע זיינען מאַיעסטעטיש אַרומגעשוואומען די איינוואוינער פון די קאָראַלן־פּאַלאַצן, פיש מכל המינים, אין אַלערליי אויסטערלישע און עקזאָטישע קאָלירן: גאָלד, זילבער, גאָלד־שוואַרץ, גאָלד־גרין, זילבער־שוואַרץ, געפּינטלט און געפלעקט, ווי יעקבס שאָף: נקודים וברודים... זיי זיינען געשוואומען אַזוי זאָרגלאָז, אָן מורא, נאָר מקנא צו זיין זיי. אָט אַריין אין אַ הייל און פאַרשוואונדן, און באַוויזן זיך גאָר פון אַ צווייטער הייל אַרויס, שטיפעריש. איך האָב ניט באַמערקט, אַז איינס זאָל זיך קריגן מיטן צווייטן, אָדער פרוּאוון, חלילה, איינשלינגען. אפשר טוען זיי עס ווען קיינער איז ניט דערביי? ניין, זיי האָבן, דאַכט זיך, געשטיפט און געיאָגט זיך איינער נאָכן צווייטן. אַן אמתע וואַסער־אידיליע, האָב איך געטראַכט. פאַרוואָס קען טאַקע ניט זיין אַזאַ אידיליע צווישן מענטשן אויף דער ערד? טאַקע פאַרוואָס? און אָט איז דער ענטפער פון קאַפּיטאַנדל אויף מיין פראַגע: עד כאן — ביז דאַנען זיינען מיר דערלויבט צו פאָרן. מיר טאָרן זיך ניט דערנענטערן צום אַקאַבאַ־פּאָרט פון עבר־הירדן! נו, איז השיבנו באַזאַד!

נאָכן שפּאַלטן דעם ים־סוף, האָט מען אונדז געגעבן אַ ביסל צייט צום באָדן זיך און איינקויפן מציאות. איך האָב געקויפט אַ פּאָר בראָשקעס, מתנות פאַר פריינט און אַ קליין פלעשעלע ווייסן ישראל־זאַמד פאַר מיין מאַמען, ביז איבער 120 יאָר...

דער נגב שלאָפט נאָך. ער בויט זיך טאַקע, אָבער זייער לאַנגזאַם. ניטאָ געגוג בעלנים און אידעאַליסטן, וואָס זאָלן זיך וועלן באַזעצן. עס פעלן נאָך די נייטיקע אינסטיטוציאָנעלע איינריכטונגען, ווי שפּיטאָלן, קליניקס. אויך ווייניק דאָקטוירים און קראַנקן־שוועסטער און נאָך לעבנס־נויטיקער מענטשן־מאַטעריאַל, וואָס אַ שטאָט קען אָן דעם ניט אויסקומען. די שטאָט לאָקט מיט איר אויסערגעוויינלעך שיינער נאַטור און זאָגט צו אַ סך אין דער נאָענטער צוקונפט „קומט, שרייען די פּיאָנערן און די בויער פון אילת, קומט אַהער, איר יידן! וואָס שטייט איר פון דער ווייטנס? זעט איר ניט דעם גרויסן נס, דעם גוואַלדיקן אויפטו? איז דאָס ניט אייך אייגן?” און ווען מען זאָגט זיי, אַז: ווען מען איז אַ ביסל יינגער, אפשר, כ׳וויס, וואָלט כדאי געווען, איז ניטאָ פאַר זיי קיין תירוץ: טאָ שיקט אונדז אייער יוגנט! שיקט זיי אַהער! שלאָפט ניט ווי חונא המעגל, טוט עפּעס, ניט פאַר אונדז בלויז, נאָר פאַר אייך אַליין, פאַר אייערע קינדער!” און אַז מיר זאָגן זיי: „האָבן מיר דען ניט געטאָן גענוג פאַר אונדז אַליין, טאַקע אין אונדזערע מקומות און ישובים, וואו מיר זיינען געבוירן און דערצויגן געוואָרן” — איז דאָס פאַר זיי קיין תירוץ ניט. מיר זיינען אין גלות ביי זיי...

אַ שטיק פאַר מיטאָג האָבן מיר זיך אַרויסגעלאָזן צוריק מיטן אויטאָבוס, אָבער מיטן צווייטן וועג, כדי מיר זאָלן זיך קענען אָפּשטעלן און באַטראַכטן די געגנט פון נחל צין. אָבער דערווייל האָבן מיר געדאַרפט ווייטער אונטערלענען אונדזערע הערצער און ווידער האָבן מיר אַרויפּ־געקלעטערט מיטן אויטאָבוס ביי מצפה רמון, דאָס מאָל שוין אָן מורא, נאָר מיט אַ גרויסן אַפּעטיט. ווי זיי וואָלטן זיך ווייטער געריכט אויף אונדז, זיינען שוין די טישן געווען גרייט און די מאכלים פאַרטיק. אמת, קיין טשאָלנט האָבן זיי ניט געהאַט, אָבער ס׳איז געווען אַ רייכער אויסוואַל פון אַנדערע מאכלים און דער עולם האָט אַלץ פאַרצוקט. איצט, מיט אַ גרינג געמיט און מיט אַ נשמה־יתירהדיקן געפיל, זיינען מיר געפאָרן אין דער ריכטונג פון נחל צין. און אָט זיינען מיר שוין דאָ. אַלע שטייגן אויס און באַקוקן דעם לאַנגן, טיפן גראָבן. אַן אייזערנער, שמאָלער לייטערל פירט אַראָפּ אַלץ טיפער און טיפער. עס שמעקט מיט סכנות נפשות. איך וויל נאָך לעבן און גלויב דעם טראָק־טרייבער אויפן וואָרט, אַז דאָרטן, גאָר אונטן, אין די טיפענישן פון גרובן, דאַרף זיין אַ קוואַל אָן וואַסער. משה רבינו דאַרף נאָר אויפשטיין תחית־המתים און דער־לאַנגען איין זעץ מיט זיין שטעקן, וועט דער אויסגעטריקנטער קוואַל געבן וואַסער. אַזוי, הייסט עס, האָט משה דאָ באַקומען וואַסער, ווען ער האָט געפירט די יידן דורכן מדבר. אָבער ווי ער איז דאַן אַרונטערגע־גאַנגען אַזוי טיף, אָן דעם אייזערנעם לייטערל, איז פאַר מיר אַ רעטעניש...

אַזוי ווי איך שטיי פאַרטראַכט אין מיינע ביבלישע מחשבות, דערזע איך ווי עס דערנענטערט זיך אַ יונגער בעדואינער, מיט אומזיכערע טריט און בלייבט שטיין פון דער ווייטנס. פון וואַנען האָט ער זיך גענומען דאָ אין מיטן וויסטן מדבר? אוממעגלעך, אַז ער זאָל גיין צופוס אַזאַ מהלך, פון וואַנען ער זאָל ניט קומען! און אפשר איז ער הגרס אַן אור־אור־אייניקל, ווען זי האָט איר זון, אין גרויס פאַרצווייפלונג, אַ קראַנקן, איבערגעלאָזט אין הייסן מדבר און אַ גוטער מלאך האָט אים געראַטעוועט? וואָס איז דער אונטערשייד? ער מוז זיין הונגעריק. זיין גאַנצער, אָנגעפּעלצטער הילוך זאָגט עדות, אַז ער מוז דאָ שלאָפן אין די פעלדזן. זיינע ליפּן פאַרטריקנט און צעשפּאָלטן, זיינען האַלב־אָפן, און די אויגן בעטן. איך האָב לאַנג ניט געטראַכט און אים אָפּגעגעבן מיינע אָראַנזשן, צוקערלעך און קיכעלעך. ער האָט ניט געוואַגט צוגיין, האָב איך עס אים געמוזט צוואַרפן. אין גרויס התפּעלות האָט ער געקניט פאַר מיר, אָנגעפּאַקט פולע פאַזעכעס און עפּעס געמורמלט. איך האָב בלויז פאַרשטאַנען צוויי ווערטער: אַללאַ און שלום. ער האָט, ווייזט אויס, מיך געבענטשט און געדאַנקט.

פון נחל ציִן אָן איז דער וועג שוין געגאַנגען גלייכגילטיק און מאָנאָטאָן. מען האָט געפירט שמועסן, געטיילט זיך מיט איינדרוקן. ווייבער האָבן זיך ווייטער באַוויזן מיט זייערע מציאות, מתנות און פאַרשיידענע אָנדענק־אַרטיקלען. עמיצער האָט פאַרצויגן אַ ניגון און באַלד האָבן אַלע אים אונטערגעכאַפּט. פעטער חיים, מיט זיין גראָבן באַס, האָט געהאַט איין באַגלייטונג צו אַלע ניגונים: „פּאָם־פּאַראַבאָם, פּים־פּאָם, פּים־פּאָם... דער נגב האָט שוין אַליין באַדאַרפט קענען זינגען, אָנהערנדיק זיך מיט אַזוי פיל ניגונים און געזאַנגען. נאָר ער אַליין שווייגט שטום, שווייגט מיט פּחד און נייגיר.

מיר זיינען אַריינגעפאָרן קיין תל־אביב פונקט צו הבדלה. אליהו, גאָלדעס זון, האָט אונדז אָפּגעוואַרט מיט אַן אויטאָ און ווען מיר זיינען צוגעקומען צו גאָלדעס הויז, האָבן מיר זיי אַלע געטראָפן זיצנדיק אויף דער ווערענדע פאַרן הויז, מידע און דערשעפּטע פון אַ שווערן, הייסן כאַמסין־טאָג, און מיר, דאַקעגן, זיינען געווען פריש און מונטער, און פול מיט איינדרוקן.

# באר שבע און דימונה

ווער געדענקט עס ניט באר שבע, די שטאָט פון אברהם אבינו? מיט מיין גאַנצער נשמה האָב איך געפּיבערט און געוואַרט מיט אומגעדולד אויף אָפּשטאָטן איר אַ וויזיט. איך האָב זיך ניט געקענט פאָרשטעלן ווי אברהם אבינו זעט אויס היינט: צי טראָגט ער נאָך די אַלטמאָדישע גאַטקעס מיט די בענדלעך און האָט נאָך באָרד און פּיאות, צי איז ער שוין אַ ביסל „געכאַפּט אין דער מעשה" און קיצלט זיך מיט אַן עלעקטרישער מאַשינקע און טראָגט שוין „שאָרטס". אויף דער מאַמע שרה וועל איך זיך ניט וואונדערן, אויב זי האָט אויסגעטאָן דאָס שייטל. איך וועל גלויבן אויף איר אַלץ. ערשטנס, איז זי אַ פרוי און די נייע מאָדעס האָבן זי געוויס פאַרכאַפּט און פריטשמעליעט. אַפילו דעמאָלט, ווען די דריי מלאכים האָבן אָנגעזאָגט אברהמען, אַז שרה וועט אין אַ יאָר אַרום געבוירן אַ זון, האָט זי פאַרשייט געלאַכט און אָפּגעשפּאָט פון זיי. אָבער דאָס איז געווען אַמאָל. היינט איז באר שבע אַ גרויסע אינדוסטריעלע שטאָט אין פולן זין פון וואָרט. באַזונדערס באַרימט איז זי מיט אירע צעראַמיק־אויסאַרבעטונגען: פאַבריקן פון אַלערליי קאַפּליעס, וואַנעס, טאָילעטס, סינקן — אַלץ מייס־טערהאַפט אויסגעאַרבעט אין פיל־פאַרביקע קאָלירן. אַ גרויסער עקספּאָרט אויף די זאַכן. אַ חוץ דעם ווערט פאַרכאַפּט דאָס אויג פון די שיינע צעראַמיק־וואַזעס און אַנדערע שטוביקע אַרטיקלען. עס זיצן מיידלעך אין דינע כאַלאַטלעך און מיט פּענדזלען און פאַרבן באַפּוצן זיי אָט די שיינע חפצים און דו ווייסט ניט ווער ס'איז שענער — דאָס מיידל, צי די וואַזע...

קום, מומע ריווע, רייסט מיך אָפּ מיין פלימעניק שאול פון דעם מיידל מיט דער וואַזע — כ'וועל דיר ווייזן אַן אינסטיטוציע, וואָס דיין יוניאָן האָט אויסגעבויט דאָ — אַ שפּיטאָל פאַר קימפּעטאָרינס, מיט אַלע מאָדערנע איינריכטונגען און לויט דעם לעצטן וואָרט פון דער טעכניק. מען דאַרף זיך נאָר לייגן אין קימפּעט אַריין, אַזוי שיין און באַקוועם איז דאָ. די מלוכה וויל דערמוטיקן די יונגע פרוי צו קינדלען (מען דאַרף דאָך אַ שטאַרקע ישראל!), האָט זי באַשטימט אַ געוויסע סומע געלט אַלס פּרעמיע אויסצו־טיילן יעדן יאָר צו די גרויסע פאַמיליעס, וואָס קינדלען רעגלמעסיק. אָבער די יידישע פרוי איילט זיך ניט שטאַרק. אויף דעם זאָגן עדות אַ סך לידיקע בעטן. ווען איך שעם זיך ניט, וואָלט איך זיך אַריינגעלייגט אין איינער פון

די בעטן זיך אויסרועו, אַבי מע זאָל מיך נאָר צורו לאָזן! אין מיטן דערינגען דערמאָנט זיך פעטער חיים, אַז דאָ אין באר שבע איז פֿאַראַן אַן אַרבעטער־רינג שול. עמיצער פון ניו־יאָרק האָט געשיקט דורך אים אַ מתנה צו דער לערערין. גיי זוך אַ נאָדל אין אַ וואָגן היי! שאול זאָגט, ס'איז אַ ברכה לבטלה, אָבער פעטער חיים איז אַן עקשן. דער יידישער לערער פון אַמאָל האָט אין אים דערוואַכט און ער האָט אָנגעהויבן אַ חקירה ודרישה טאָקע באַלד אויף דער גאַס, ניט דורכלאָזנדיק קיין איין פאַרבייגייער. אַנדערע האָבן איבערהויפט ניט פאַרשטאַנען וואָס און וועמען ער זוכט, אַנדערע האָבן אים אָפּגעשיקט אין אַ שול צו דאַוונען, נאָך אַנדערע האָבן געקוועטשט מיט די פלייצעס און געשאָקלט מיט די קעפּ... ער האָט זיך געמוזט אונטערגעבן, פעטער חיים. יענער פון ניו־יאָרק האָט אוודאי געטראַכט: אַ מדינה גרעסער ווי אַ גענין, אַ שטאָט — אַ ביסל קלענער, טאָ ווער ווייס דאָס ניט פון אַ יידישער שול מיט אַ לערערין אַן אַ נאָמען?!...

אָפּגעטרייסלט זיך פון דער שטיקל אַוואַנטורע און דריי מאָל אויסגעשפּיגן, צו אַלדי גוטע יאָר, האָט אונדז שאול גענומען אויפן אַראַבישן מאַרק. עס איז פונקט געווען אַ דאָנערשטיק און דער מאַרק איז געווען אין פולן ברען. איך האָב ניט געוואוסט וואו צו קוקן פריער. פעטער חיים האָט שוין באַצייטנס אַראָפּגענומען די קאַמעראַ צו נעמען בילדער און באַלד זיינען אַלע העלדן אַרום אונדז נעלם געוואָרן. געבליבן זיינען בלויז דער לעבעדיקער פיר־פיסיקער אינוונטאַר פון קעמל, ציג און אייזל. ווייזט אויס, אַז די אַראַבער און די בעדואינער ווילן ניט פאַראייביקט ווערן פון אַן אויסלענדישער קאַמעראַ, אָדער זיי ווילן זיך לאָזן באַצאָלן. אַזאַ גרופּע אַראַבישע און בעדואינישע סוחרים האָבן מיר געפּאַקט, אויסגעפּוצטע אין זייער גאַנצן טראַכט, מיטן טורבאַן און אַלע איבעריקע שמאָכטעס. זיי זיינען געזעסן אויף דער ערד, מיט די פיס אונטער זיך, איבער אָפענע זעק מיט קערנער און עפּעס אַזוינס, וואָס האָט אויסגעקוקט ווי טאַבאַק. איינער, מעשה סוחר, האָט געקייט אַ שטרויעלע אין דער ברייט פון מויל, אַ צווייטער האָט געקייט טאַבאַק, און אַ דריטער האָט פון צייט־צו־צייט עפּעס געמורמלט. אַלע האָבן זיי געשמייכלט מיט ווייסע, געזונטע ציין. מען האָט זיי געגעבן עפּעס אין יד אַריין און זיי האָבן נאָך מער געשמייכלט. פעטער חיים האָט געוואָלט דווקא פאַראייביקן זיין ווייב אויך אין איין וועגס און מיך געהייסן זיך צורוקן נענטער אַ ביסל צו זיי, הינטער זייערע פלייצעס. ס'וועט הייסן, זיי וועלן ניט וויסן. וואָס זאָל מען טאָן, אויב מען וויל ווערן אומשטערבלעך? אָבער כ'האָב געפילט, ווי איך גיי אויף קידוש השם... וואָס טו איך, ווען איינער זאָל מיך אַ כאַפּ טאָן פון הינטן, אַ לייג אַריין אין זאַק, אַ כאַפּ אַרויף זיך אויפן קעמל און פּאַשאָל אין מדבר אַריין?!

איך האָב אָפּגעטאָטעמט פּרייער, ווען כ'האָב דערהערט דעם קליק פון דער קאַמעראַ. אָבער מיר איז באַשערט געווען צו האָבן נאָך אַ שרעק: מיין אויפמערקזאַמקייט האָט געצויגן אַ גרויסער, שיינער, אויסגעפּוצטער קעמל, דער שענסטער אויפן מאַרק. ער איז געשטאַנען ווי אַן אויסגעגאָסענע סטאַטוע, זיך אַפילו קיין ריר ניט געטאָן. איך האָב אים באַטראַכט פון דער ווייטנס און ניט געקענט באַשליסן צי עס איז טאַקע לעבעדיק, אָדער ניט. איין זאַך איז מיר געווען קשה און פאַרדעכטיק: אַ גרויסע, שוואַרצע טאָגע איז געהאָנגען האַרט פאַר זיין פּנים, אַזוי אַן־און־פאַר־זיך, ניט צוגע־שפּילעט אָדער צוגעבונדן. איך האָב זיך אָנגענומען מיט מוט און געמאַכט אַ פּאָר טריט פאָראויס, כדי אויסצופאָרשן די זאַך. מיט אַ מאָל האָבן זיך מיר אונטערגעהאַקט די פיס פון שרעק און כ'האָב פאַרלאָרן דאָס לשון צו שרייען: פון אַפּער דער שוואַרצער טאָגע האָט אַרויסגעקוקט אַ גרויס, שוואַרץ, ברענענדיק אויג, מיט לאַנגע וויעס און אַ דינע פּרויען־האַנט, אויך אין שוואַרצן, האָט דעם קעמל אָנגענומען פאַר זיין חנעוודיקער מאָרדע און דאָס געשפּענסט האָט זיך לאַנגזאַם אַוועקגערוקט אָן אַ זייט. ווען איך בין צו זיך געקומען, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז די פאַרשלייערטע אַראַבקע, וואָס האָט געזאָלט זיין די צוגעשפּילעטע טאָגע צום קעמל, האָט ניט געוואָלט פאַראייביקט ווערן אין מיין קאַמעראַ און איז אַוועק איר וועג.

באר שבע, ביסט טאַקע אַ גרויסע אינדוסטריעלע שטאָט, אָבער דער מדבר איז דיר נאָך צוגעוואַקסן, ווי ביי אַ פרומען ייד אַ באָרד מיט פּיאות. אגב קענסטו ניט פאַרלייקענען: ביסט די ערשטע שטאָט פון וואַנען דער מדבר הייבט זיך אָן.

---

ווייט אַוועק פון באר שבע, אין סאַמע הייסן מדבר גופא, ליגט דימונה ווי אַ גרויסער גרינער אָאַזיס. ניט גרינג איז געווען צוצוקומען צו איר דירעקט, צוליב די טיפע הייסע זאַמדן. שאולס קליינער אויטאָ איז שיער ניט דערטרונקען געוואָרן אין הייסן זאַמד. מיר האָבן געמוזט אַ ביסל אַראָפּגיין פון הויפּט־וועג, אַזוי, אַז מיר האָבן געבראָדזשיעט צו ביסלעך און דאָס זאַמד האָט געברענט אונדזערע טריט. איצט האָב איך ערשט דערפילט וואָס הייסט וואַנדערן אין מדבר. מער ניט, עס האָט מיר געפעלט דער לאָגל וואַסער און דער לאַנגער שטעקן. דער שטרויענער הוט, וואָס איך האָב געטראָגן, האָט באַשיצט מיין קאָפּ פון דער שטאַרקער זון. אָבער לאַנג האָבן מיר ניט געדאַרפט גיין. מיר זיינען גלייך אַריין אין דער גרויסער טעקסטיל־פאַבריק פון דער אונטערנעמונג „כיתן" און געעפנט ברייט אונדזערע אויגן: אַן עכט־מאָדערנע פאַבריק, לויטן לעצטן וואָרט

פון דער טעכניק און דאָ, אין מיטן מדבר! מען אַרבעט אויס פאַרן עקספּאָרט אַרבעטער־בגדים, בלוזעס, הויזן. זיצן דאָ אַ סך יונגע מיידלעך, שיינע, שלאַנקע ווי די סאָסנעס, איינגעבויגן איבער די מאַשינען און אַרבעטן לאַנגזאַם, אָבער זיכער. ניטאָ דאָ דער ניו־יאָרקער טעמפּאָ, די יאָגעניש. וואָס האָבן זיי קיין צייט ניט? דער טאָג איז גרויס, די היץ שווער. דאָ, אינעווייניק, איז פאָרט קילער, אַזוי גיט מיר צו פאַרשטיין דער אויפזעער פון דער פאַבריק, אגב מיינער אַ שטיקל בן־עיר. ווייטער האָט מיין לשון מיך געמסרט און ער האָט דערקענט פון וועלכער געגנט איך קום, אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט, ביז מיר זיינען שיער ניט געוואָרן קיין קרובים. ער האָט אונדז טאַקע דערציילט, אַז דימונה פאַרמאָגט איצט אַ באַפעלקערונג פון איבער זעקס טויזנט אייגוואַוינער. עס גייט דאָ אָן אַ פיבערהאַפטע בויאונג, ניט נאָר פון איינצלנע הייזער וואו־ניט־וואו, נאָר גאַנצע פּראָיעקטן, גאַנצע גאַסן. זיי האָבן דאָ אַלץ וואָס זיי באַדאַרפן, אַפילו אַ קינאָ. וואָס שייך די מיידלעך, זיי זיינען צופרידן. יעדנפאַלס דאַרפן זיי זיין צופרידן. זיי קריגן עפּעס געצאָלט, און דער עפּעס, האָב איך אויסגערעכנט, איז כמעט ווי גאָרניט. פרעג איך: סטייטש, היתכן? עס איז דאָך עפּעס נאָענט צו מיין פאַך, דאַרף מען זיך איינשטעלן פאַר אַ שוועסטער, טראַכט איך, אָבער דער אויפזעער גיט מיר אָפּ אַ רעכענונג:

וואָס דאַרף אַזאַ מיידל האָבן? קליידונג, אין אַזאַ היץ, וויפל קאָסט דען אַזאַ דין קליידל? עסן עסט מען אויך ניט קיין סך אין דער היץ — ירקות, גרינסן, קריגט איר עס דאָ האַלב־אומזיסט. מיט אַ דירה איז זי באַזאָרגט און אין קינאָ קען זי אויך גיין צוויי מאָל אַ וואָך אומזיסט. איר ווייסט וויפל נאָדלען אַזאַ מיידל צעברעכט מיר, איידער זי לערנט זיך אויס די אַרבעט?

זע נאָר, ער רעדט דאָך ווי אַן אמתער אַמעריקאַנער באָס! איך גיי אַרום פון מאַשין צו מאַשין, פון מיידל צו מיידל, באַטראַכט די שיינע אַרבעט מיט די קליינע פּערלדיקע שטעך און מיט אַ מאָל גיט מיר אַ לויכט אַ צעטל, אַ באַקאַנטער און היימישער נאָמען: „מייסי" — אַן אָרדער פון מייסיס דעפּאַרטמענט־סטאָר פאַר אַרבעטער־הויזן. דאָרטן, אין ניו־יאָרק, וועט מייסי זיי פאַרקויפן פאַר אַ האַלבן פּרייז, ווייל דאָ זיצן אַזעלכע שיינע מיידלעך און שקלאַפן. עס ווילט זיך מיר עפּעס זאָגן צו די מיידלעך, וועקן זייער באַוואוסטזיין, העצן צו אַ סטרייק אפשר, אָבער גיי מאַך! אַן אָקס האָט אַ לאַנגע צונג און קען ניט ריידן. אויף אַזאַ אַגיטאַציע קען איך ניט געניג עברית און ס'איז מיר געבליבן בלויז צו קאָמפּלימענטירן זייער אַרבעט: יפה, יפה מאד!

אַרויסגייענדיק פון דער פאַבריק האָב איך באַטראַכט דימונה פון דער נאָענט. גאַנצע גאַסן מיט רושטאָוואַניעס שטייען ווי זעלנער אין רייען און מען אַרבעט און מען בויט. הייזער, שוין געענדיקטע, שטייען מיט פאַרשיידנפאַרביקע באַלקאָנען, שטייען עניוותדיק מיט אַראָפּגעלאָזטע שטאָרן און אַרויסגערוקטע דעכלעך, צו באַשיצן זיך פון דער שטאַרקער מדבר־זון. אַרום שטייען ביימעלעך, טעפּיכער פון גרינעם גראָז אויסגעשפּרייט און גערטנדלעך מיט בלומען. פון וואַנען האָט זיך עס אַלץ גענומען אין מיטן העלן מדבר? דער קאָנטראַסט פון אַרומיקן ווייסן זאַמד איז אַזוי גרויס קעגן אָט דעם בילד, אַז איך שטיי ווי אַ פאַרכישופטע: ווי מן פון הימל ביסטו אַראָפּגעפאַלן אַהער, דימונה, טרוים און חלום פון מדבר!

# אשדוד, אשקלון און קרית־גת

די דריי דערמאָנטע שטעט, ווי דריי שוועסטער, האָבן מיר אַריינגענומען ווי „עם כל הנערים”, אונטער איין טלית. זיי זיינען שכנות־דיקע שטעטלעך, ניט אַזוי ווייט איינס פון אַנדערן, און מיר האָבן זיי באַזוכט אין משך פון אַ פולן טאָג. אַזוי ווי אונדזער פּלימעניק שאול האָט געדאַרפט דערלעדיקן געוויסע שליחותן פאַר דער הסתדרות אין די דאָזיקע שטעטלעך, האָט ער אונדז גענומען אויף דער רייזע.

אשדוד איז אַן אַלטע ביבלישע שטאָט, וואָס איז לעצטנס אַ ביסל איבערגעבויט געוואָרן פאַר מאַסן־אימיגראַציע. אין אַ זייער פיבערדיקן און שנעלן טעמפּאָ בויט זיך דאָ אַ פּאָרט און דאָס וועט ערשט ברענגען אשדוד צו איר אמתער גדולה פון אויפגעריכט ווערן אויף אַ מאָדערנעם שטייגער און מיט אַ פּולס פון אַ שטאַרקער לעבהאַפטער באַוועגונג.

אשקלון, איר שוועסטער, ליגט אויף דער גרענעץ פון עזה, ניט ווייט פון באַרימטן עזה־פּאַס. איין פאַלשן טעות, איין שלעכטן דריי מיטן רעדל פון אויטאָ, פּאָרסטו אַריין אין „קיינעמס־לאַנד” און עס שמעקט מיט פולווער. אשקלון באַשטייט פון אַלט־שטאָט און ניי־שטאָט. אין דער אַלטער אשקלון שמעקט טאַקע אַלץ מיט אַלטערטימלעכקייט: שמאָלע, געדרייטע און קרומע געסלעך, צומאָל ניט געפלאַסטערטע, וואו־ניט־וואו שטיקער פון פאַרבלי־בענעם אָפּגעטראָטענעם טראָטואַר פון שטיין, האַלב־חרובע הייזער, אָן פענצטער און טירן, אָבער באַוואוינטע — אָן איבערבלייבעכץ נאָך די אַראַ־בער. דאָס איז די שטאָט פון שמשון און דלילה. דאָ האָבן זיי געגעסטיקט און געפירט אַ ליבע. דאָ, צווישן אשדוד און אשקלון, אויף די פעלדער פון די אַמאָליקע פלשתים, האָט שמשון צונויפגעבונדן פופציק פוקסן און מיט ברענענדיקע שטורקאַצן ביי די עקן זיי געלאָזן לויפן און אַלץ איז אַוועק מיטן רויך. דאָס הייסט נקמה גענומען! ער האָט אָבער טייער באַצאָלט דערפאַר. דער שונא איז נאָך אַלץ דאָ, דער זעלבער און נאָך מער פאַר־ביסן ווי פריער, אָבער קיין נקמה נעמט מען ניט. מען איז „צופרידן”, אַז דער הונט בילט כאָטש דערווייל פון דערווייטנס...

ניי־אַשקלון איז שוין מעשה שטאָט. זי האַלט זיך נאָך אין איין בויען. און וועלכע שטאָט און שטעטל האַלט זיך ניט אין איין בויען אין דער מדינה? דאָס לאַנד איז יונג — די איינוואַנדערונג גרויס, דאַרף מען זיך קענען צעשפּרייטן. איז אויב מען קען ניט אין דער ברייט אַזוי פיל ווי מען וויל, איז כאָטש אַ ביסעלע העכער, אויב נישט נאָך העכער. וואַקסן טאַקע אויס קאָלירטע בנינים מיט וועראַנדעס אַלץ העכער און העכער. דאָס לעבן אַלץ האַסטיקער און רוישיקער און ווען ניט דאָס פּיקאַנטע לשון, וואָלסטו געמיינט, אַז ביסט אַריינגעפאַלן אין סתם אַ שטאָט ערגעץ־וואו.

מיר פלאָנטערן זיך קוים אַרויס פון ביידע אשקלונס, פון אירע וועגן און אונטערוועגלעך און כאַפּן זיך אַריבער צו דער דריטער שוועסטער צו גאַסט — צו קרית־גת. דאָ שמעקט שוין מיט גרויס־שטאָט און קולטור, ווי פעטער חיים האָט ליב זיך אויסצודריקן. זי פאַרמאָגט אַ טעקסטיל־ און צוקער־פאַבריק, אַרום איר וואַקסן פלאַנטאַציעס פון אויל־ניסלעך און צוקער־בוריקעס. איר מוזט זען די אַלע פאַבריקן, זאָגט שאול, און תוך כדי דיבור פירט ער אונדז אַריין אין אָפיס פון דער הסתדרות און באַקענט אונדז מיט אַ ליבלעכן יידישן יונגנמאַן, וואָס שטאַמט פון מאַראָקאָ, קען אַ סך שפּראַכן און רעדט מיט אונדז אַן אמתן זאַפטיקן יידיש, וואָס מיר האָבן זיך באמת מחיה געווען מער ווי מיט דער שמעקעדיקער קאַווע, וואָס ער האָט אונדז מכבד געווען.

עזולי איז זיין נאָמען. פון וואַנען אַזאַ יידיש, עזולי, און וואו האָסטו זיך געלערנט? ווייזט זיך אַרויס, אַז דעם יידיש האָט ער זיך אויסגעלערנט טאַקע דאָ, אין דער יידישער מדינה, וואו יידיש איז נאָך אין גלות, אָבער אָן אים קען מען ניט אויסקומען... אַזוי ווי ער האָט צו טאָן מיט דער גרויסער מאַסן־אימיגראַציע און איינאָרדענען יידן פון פאַרשיידענע לענדער, האָט ער ווייט ניט געקענט דערגיין מיט אַלע זיינע שפּראַכן און געמוזט אָנקומען צו מאַמע־לשון... עזולי טראַכט ניט לאַנג, זעצט זיך אַרויף אויף זיין מאָטאָרציקל, ווי אַ קעניג אויף זיין טראָן, נידערט אַראָפּ זיינע גרויסע פעלד־גלעזער און לאָזט זיך פאָראויס און מיר מיט שאולס קליינעם אויטאָ נאָך אים. פון אַזאַ פּראָצעסיע האָב איך קיינמאָל ניט געחלומט און איך פיל זיך עפּעס אַזוי וויכטיק און געהויבן: פנו דרך, מען פירט דעם פעטער חיים מיט זיין פלוניתטע — עלעהיי מיניסטאָרן פון אַן אויסלענדישער אימפּעריע. נאָר מיר האָבן אין קאָפּ געעגבערט די נעמען פון קרית־גת, אשקלון, אשדוד און כ'האָב זיך ניט געקענט דערמאָנען וואו האָב איך זיי ערגעץ געזען. און ווי אַ ליכט איז מיר פלוצלונג אויפגעגאַנגען די געשיכטע פון קעניג שאולס טויט. ווען ער האָט געזען, אַז ער האָט פאַרשפּילט די

מלחמה מיט די פלשתים, וואַרפט ער זיך אַרויף אויף זיין שווערד און מאַכט אַ סוף צו זיין לעבן. און ווען דוד געפינט אויס, אַז שאול איז טויט, זאָגט ער אָן שטרענג און האַרב: „אל תגידו בגת, ואל תשברו בחוצות אשקלון, פן תשמחנה בנות פלשתים״, א.אַ.וו. „זאָגט ניט אויס אין גת און ניט אין די גאַסן פון אשקלון, טאָמער וועלן זיך די טעכטער פון די פלשתים פרייען״.

אָבער אַ גרעסערן איינדרוק פון דעם האָט געמאַכט אויף מיר דער פּעאיקער און אויסערגעוויינלעכער יונגערמאַן עזולי. ווי אַ ליכטיקער זייל לייכט זיין געשטאַלט פאַר מיר און באַגלייט מיך אויף אַלע וועגן...

# לוחמי הגטאות

גלייך ביים אַריבערטרעטן די שוועל פון קיבוץ האָט מיין האַרץ אָנגעהויבן קלאַפּן שטאַרקער און אַ פייער האָט אָנגעצונדן מיין מוח. איך האָב געוואוסט וואָס איך גיי דאָ זען. ס'האָט מיך קיין אַנדער זאַך ניט אינטערעסירט אויסער דעם גרויסן מאַסיוון בנין אין מיטן קיבוץ, וואָס האָט געטראָגן דעם זעלבן נאָמען און וואָס איז אינעווייניק פול מיט סימנים פון די גרעסטע גרוילטאַטן און רציחות פון הייַנטיקן יאָרהונדערט. די זון, די שיינע זון פון מזרח, וואָס איז נאָר וואָס אויפגעגאַנגען, איז פאַר מיר אונטערגעגאַנגען, זיך אויסגעלאָשן, ווען כ'האָב אַריבערגעטראָטן די שוועל פון לוחמי הגטאות. אַלע ווענט פון בנין באַהאָנגען מיט בילדער פון פאַרשיידענע קהילות און שטעט, וואו עס שפּיגלט זיך אָפּ די גרויזאַמע מערדעריי און שענדונג. אַ שטיק מיטל-אַלטער, פאַרטראָגן פון אייראָפּע און אַרויפגעלייגט אויף אונדזערע פּלייצעס. איך גיי פון איין בילד צום צווייטן און קוק מיט פאַרטערטע אויגן. אפשר, אפשר וועל איך עמעצן דערקענען? טאַקע באַקאַנטע פּנימער, וואו האָב איך זיי געזען? אָט ליגט אויסגעצויגן אַ ייד מיט אַ האַלבער ווייסער באָרד, די אַנדערע האַלבע פעלט שוין מיט אַ שטיק באַק דערצו, אין טלית איינגעוויקלט און וואַשט דעם טראָטואַר, די ברילן אויפן שפּיץ נאָז אַראָפּ. אַזאַ הדרת־פּנים איז געהאָנגען ביי מיין זיידן אויף דער וואַנט — זיינע קלוגע אויגן האָבן אַפּערגעקוקט פון אונטער די ברילן, מיט אַ דין שמייכעלע אין ווינקל פון מויל. אָבער דער ייד דאָ ליגט שוין, די אויגן פאַרגלאָצט, דאָס מויל אויסגעקרימט, אָן ציין און אַ נאַצישער שטיוול טרעט אים נאָך צו. — „מאַך זיך האַרץ און גיי ווייטער" — רעדט אין מיר אַ שטים, אַ שטים פון ביאַליקס שחיטה־שטאָט, און איך שפּאַן ווייטער אין דער שחיטה־וועלט. פּנימער, פּנימער פון יונג און אַלט, דריי, פיר דורות מאַרשירן מיט קלומיקלעך און איך מיט זיי, מיט צעשראָקענע טרויעריקע אויגן. קערפּערס האַלב־לעבעדיק, האַלב־טויט, געשוואָלענע פון הונגער און אַלערליי קרענק, ליגן אָדער זיצן און קוקן שטאַר אין דער וועלט אַריין. קערפּערס, סקעלעטן, ליגן אָנגעהויפט אויף לאַסט־אויטאָס מיט אָפענע מיילער און אויסגעשטשירעטע ציין, וואו ס'האָט ערטערווייז געפעלט איינס, ווייזט אויס אַ גאָלדענער — איז ער נאָך אַרויסגעריסן געוואָרן ביים לעבן? און עס גיט מיר אַ שטאָך אין מוח:

מײַן שוועסטער — זי האָט געהאַט אַ גאָלדן ציינדל, ווי די מאָדע איז דאַן געווען, צוליב שײנקייט. וואו איז מײַן שוועסטער מיט איר מאַן און קינדער? אוממעגלעך צו געפינען עמיצן דאָ. אַלע זײַנען דאָ פאַרברידערט, פאַרשוועסטערט און פאַרגלידערט. און אָט — אַ בילד: זעק מיט מענטשן־האָר. האָר פון אַלע פאַרבן און קאָלירן, אָבער פון איין מקור: פון יידישע טעכטער. מען האָט זיי געשענדעט און געקעפּט. איצט ווערן זייערע האָר צעשיקט אין אַלע ארבע פינות העולם, פאַר אָנשטאָפּן מאַטראַצן, צו שלאָפן ווייך און זיס און פאַר שײנע פאַרוקן צו באַפּוצן פוסטע קעפּ... ווידער דער געשפּענסט פון מײַן שוועסטער! אַ שײנעם, לאַנגן צאָפּ האָט זי געהאַט, כ'האָב זי אַלע מאָל מקנא געווען און ניט איין מאָל צו להכעיס איר אָפּגעטאָן, ניט איין נאַרישקייט באַגאַנגען צוליב קנאה. זײַ מיר מוחל, שוועסטער מײַנע, כ'וואָלט דאָס טײַערסטע אַוועקגעגעבן צו קריגן כאָטש דײַן צאָפּ!

מײַן האַרץ ווערט פאַרדריקט און מײַנע אויגן פאַרגאָסן, ווען כ'בין צוגעקומען צו אַ בילד פון אַ קופּע קינדערשע שיכלעך! קאַלטע, פּרעסטל־דיקע ווינטלעך האָבן מיך דורכגענומען פון אונטן ביז אַרויף, אַזש די האָר־וואָרצלען האָבן מיר אין קאָפּ געשטאָכן. איך האָב אַלץ פאַרשטאַנען: דאָס זײַנען די לעצטע שיכלעך פון די קינדערלעך, וועלכע האָבן זיי אויס־געטאָן, ווען זיי זײַנען געגאַנגען זייער לעצטן וועג — אין די גאַז־קאַמערן. ליגן זיי דאָ, די שיכעלעך, אַלערליי מאָסן און קאָלירן, האַלב־נײַע, נײַע און גאַנץ אַלטע. די בענדלעך הענגען נאָך, ווי אָנמעכטיקע הענט, קנעפּלעך האַלב־אָפּגעשפּיליעט, ווי אין אײַלעניש — ליגן זיי פאַריתומט און פאַרגעסן. אַ קליין שיכעלע, אַ ברוינס, האָט צוגעשמידט מײַן בליק. דאָס איז, ווײַזט אויס, געווען די ערשטע פּאָר שיך פונעם קינד, וואָס די יונגע מאַמע האָט זיך קוים דערוואַרט צו קויפן. מיט פריידיקע, ציטערדיקע הענט האָט די מאַמע זיי אָנגעטאָן דעם קינד און עס געלערנט צו גיין, אַוועקשטעלנדיק עס ביי אַ שטול און אַליין אָפּגעטראָטן אַ פּאָר שפּאַן, צעשפּרייט די אָרעמס און גערופן דאָס קינד צו זיך: „אַליין, אַליין וועט שרהלע גיין". דאָס קינד האָט זיך געקווענקלט אַ ווײַלע און ווען די מאַמע האָט עס געוויזן אַ צוקערל, האָט עס אָנגעהויבן צו שפּאַנען און וואַקלענדיק זיך אַרײַנגעפאַלן אין דער מאַמעס פריידיקע אָרעמס! אוי, וויפל פרייד און נחת האָט די מאַמע געהאַט פון דעם קינדס ערשטע טריט! און איצט? שרהלע איז טאַקע אַוועק, צוזאַמען מיט איר מאַמען, שוועסטער און ברידער, איז זי אַוועק. די טריט אַנטשטומט, בלויז אַ ברוין שיכל, ווי אַ שטומער עדות, איז פאַר־בליבן.

ווײַטער, ווײַטער — טרײַבט אין מיר דער צער און טרויער. איך

וואַקל זיך אויף מיינע פיס ווי אַ שיכורע און קום צו לאַנגע טישן באַדעקט מיט גלאָז. אינעווייניק אונטערן גלאָז ליגט פאַרחתמעט דער בלוטיקער גורל פון די זעקס מיליאָן. ביכער, ספרים, שטיקער פאַרמעט האַלב פאַר־ברענט; טאָג־ביכער מיט דאַטעס פון אומקום און אונטערגאַנג; קינדערשע אַרבעטן, קאָמפּאָזיציעס, לידער, וואָס האָבן דערציילט פון אַן אַנדער לעבן, פון האָפענונג און אילוזיע. אָט ליגט אַ בלעטל מיט בלוט פאַרפלעקט, אָדער אפשר טאַקע געשריבן מיט בלוט, ווייל בלוט איז דאָך ביליקער ווי טינט... „נקמה, נקמה זאָלט איר נעמען פאַר אונדזער אומשולדיק פאַרגאָסן בלוט". די האַנטשריפט איז ניט דייטלעך, ניט קלאָר גענוג. ווער ווייס אונטער וואָסערע אומשטענדן דאָס איז געשריבן געוואָרן. און אָט — געבירטיקס אין זיין אייגענעם כתב־יד, אַ האַלב־פאַרברענט ליד פון: „עס ברענט, יידעלעך, ס'ברענט"... מער האָב איך ניט געזען. דער קאָפּ האָט מיר געברענט און אין האַלדז האָט געשטיקט אַ ספּאַזמאַטיש געוויין. נישטיק און איבעריק האָב איך זיך דערפילט אין דעם יאָמער־טאָל, נישטיק און שולדיק. וואו בין איך געווען דאַן? און נאָך אַנדערע אַזעלכע ווי איך?

— יאָ, וואו זיינען מיר געווען, ווען דאָס אַלץ איז געשען? און אין וואָס פאַר אַ זכות זיינען מיר לעבן־געבליבן? ווער האָט אונדז אויסדערוויילט?

— נו, הער שוין אויף, מומע ריווע — גיט אָשר אַ זאָג, ווען ער האָט גערעדט צו מיר און איך האָב ניט געהערט. וואָס זאָל איך שוין זאָגן? פאַרלאָרן דאָ אין לאַנד מיין שולמית, טאַקע געראָטן און שיין איז זי געווען ווי יענע שולמית, מיט אַלע מעלות. האָט אַ גיפטיקע שלאַנג זי אַ ביס געטאָן און אויס! וואָלט ניט געווען בעסער ווען זי קעמפט אויף די באַרי־קאַדן? און איך קען ניט וויינען. מיט איר טויט איז דער קוואַל פון טרערן ביי מיר פאַרשלאָסן.

איך וואַרף אַ לעצטן בליק צום בנין, ווי צו אַ פרישן קבר, און מיט אַ געבויגענעם קאָפּ שפּאַן איך אַוועק ווייטער...

# די רייזע קיין גליל

## עכו

באַלד דעם ערשטן טאָג חול־המועד פסח האָבן מיר זיך אַרויס־געלאָזט אויף דער רייזע קיין גליל. אויף דעם האָב איך טאַקע געוואַרט מיט דער גרעסטער אומגעדולד. עס האָבן מיר געקלונגען אין די אויערן ד״ר זאב יוניסעס ווערטער, ווען ער האָט מיר דעם ערשטן אָוונט אין לאַנד, פון דער ווייטנס, געוויזן תל־אָביב, שטייענדיק אויף אַ בערגל אין גבעתים:
— וואַרט, מומע ריווע, ווען דו וועסט זיין אין גליל, וועסטו ערשט דאַן פאַרכישופט ווערן פון דער פּראַכט.

מיר האָבן זיך אַרויסגעלאָזט פון חיפה כעלות השחר. דער וועג איז געווען גלאַט און זיכער און אַזוי זיכער איז אויך געווען אונדזער פירער, אָשר, גאָלדעס יינגערער ברודער. ער איז געווען דער פּיאָנער און מרגל פון דער משפחה יאָניש. ער קען דאָס לאַנד אויסגעבונדן. ניט איין מאָל דורכגעגאַנגען צו פוס דורך איר לענג און ברייט אין יענע יאָרן. דערפאַר אָפּגעשפּאָרט אַ שפּאָר ביסל רעוומאַטיזם אין די פיס. יעדן פּלאַץ וואָס מען פאָרט פאַרביי, האָט ער עפּעס צו דערמאָנען זכרונות. מערסטנס פון שווערן קאַמף און ביטערער נויט. איצט האָט ער זיך ניט אויף וואָס צו באַקלאָגן, אָשר, ער בויט דאָס לאַנד טאַקע בפועל ממש. ער האָט שוין אַ סך הייזער אויסגעבויט אין גבעתים, גאַנצע גאַסן, און ער איז שטאָלץ מיט זיי!

די לופט איז קיל, הגם די זון איז שוין אויף. עס שמעקן די פעלדער, די פּאַרזייטע ביי די וועגן, מיט פרישער ערד און מיט נאָך עפּעס וואָס פאַרשכורט. אויף אַנדערע פעלדער זיינען שוין אויסגעוואַקסן הויכע, פולע זאַנגען, וואָס וויגן זיך פון לייכטן ווינטל און שאָקלען צו דעם זייערע גאָלדענע קעפּלעך אויף יאָ... דאָס אויג קען זיך ניט גענוג אָנזעטיקן מיט דער אייגנאַרטיקער, קאָלירפולער פּאַנאָראַמע. ווי בילדער אין אַ קינאָ, בייטן זיי זיך און איינס שטייגט אַריבער דאָס צווייטע אין שיינקייט. נאָר אָט ווערט די דאָזיקע שיינקייט צערונען, ווען מיר פאָרן אַריין אין עכו, די עלטסטע און אפשר שמוציקסטע שטאָט אין דער וועלט. איך האָב געפילט ווי כ׳וואָלט מיט אַ מאָל פון הימל אַראָפּגעפאַלן אויף

דער ערד, ווי פון דער נייעסטער צייט זיך אַראָפּגעלאָזט מיט אַ פּאַראַשוט אין מיטלאַלטער, אויב ניט אין סאַמע אַלטערטום.

די געסלעך שמאָלע, קרומע, ענגע און אַזוי שמוציק, אַז ס'איז שווער צו מאַכן אַ טראָט, כדי אויסצומיידן עפּעס וואָס איז ניט אָנגענעם. אָפּגע־ריסענע וועגט פון הייזער, אָפּגעשונדענע, שטאַרן זיי מיט אָפענע לעכער אָנשטאָט פענצטער. און פונקט ווי די אָפּגעשונדענע הייזער, אַזוי זעט אויס דאָס קליינוואַרג, וואָס לויפט אַרום אין די דאָזיקע עיפּושדיקע געסלעך מיט רינענדיקע נעזן, פאַרפאַרכטע קעפּ און אין גאָלע שמאַטעס. דערזען אונדז, ווי אַ בייזן וואונדער, האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט אין זייער געיעג און אונדז נייגעריק באַטראַכט. איך האָב זיי מכבד געווען מיט צוקערלעך, אָבער זיי האָבן זיך געשעמט צוצוגיין עס נעמען. אַנדערע האָבן דעם נסיון דאָך ניט געקענט ביישטיין און יאָ צוגעגאַנגען. דאָ האָט פעטער חיים זיי פאַראייביקט אין דער קאַמעראַ.

עכו! די עלטסטע פעסטונג־שטאָט אין דער וועלט! וויפיל קרייץ־צוגן זיינען דורך דיר דורכגעגאַנגען? אַפילו נאַפּאָלעאָן האָט דיר אויך אָנגעטאָן דעם כבוד מיט זיין באַזוך. וויפיל זיינען געפיינקיט געוואָרן און ווערן נאָך איצט געפייניקט אין דיין באַרימטער תפיסה? איין שטיקל זכות שטייט דיר ביי, איין ליכטיקער שטראַל באַלייכט בלויז אַ קליין ווינקעלע אין דיר: דער רמב"ם האָט אַ קורצע צייט געלעבט ביי דיר. און אין דעם זכות ווערסטו, עכו, בלייבן לעבן און מיט דער צייט זיך אויסגלייכן מיט דיינע שוועסטער־שטעט.

אַרויסגעכאַפּט זיך פון עכו אויף די פרייע בערג און פעלדער, האָב איך טיפער אָפּגעצויגן דעם אָטעם און אָנגעפילט מיינע לונגען מיטן פרישן אַראָמאַט פון דער שטאַרקער לופט. אַ קיל ווינטל האָט מיך געגלעט, ווי ער וואָלט מיך געטרייסט, אָבער אַ שלעכטער נאָך־טעם איז מיר געבליבן אויפן געמיט: דער קאָנטראַסט פון איצטיקן בילד צו אַלע פריערדיקע בילדער, וואָס כ'האָב געזען. אָשר, באַמערקנדיק מיין געדריקטע שטימונג, האָט מיך געטרייסט:

— דאגה ניט, מומע ריווע, עס וועט נאָך אַלץ גוט זיין. מיר האָבן נאָך אַ סך פּראָבלעמען, מיט וועלכע מיר קענען זיך נאָך ניט קיין עצה געבן. מיט דער צייט וועט אַלץ געלייזט ווערן. זאָל נאָר זיין שלום אויף דער וועלט און דער עיקר — דאָ אין לאַנד!

— הלוואי — זאָג איך מיט האַרץ און גלויבן, און מיר פאָרן ווייטער.

# מ י ר ו ן

— און איצטער פאָרן מיר קיין מירון — זאָגט אָשר — און איר וועט קענען אָנקוקן אַן אַנדער שבט פון אחינו בני ישראל.

כדי לייכטער צו מאַכן דאָס געמיט און פאַרטרייבן די שווערע וואָלקנס פון דער מחשבה, פייפט אָשר אונטער אַ באַקאַנט לידל און דער וועג ציט זיך שלענגלדיק און זיגזאַגנדיק. מיר פאָרן אַרויף צום גליל העליון מיט זיינע הויכע, גרינע, זיגזאַגישע בערג. ווייט אַוועק אין הינטערגרונט זעט זיך דער באַרג חרמון מיט זיין שניי־ווייסן קאָפּ, אַזוי מאַיעסטעטיש, און ווען מיר פאָרן אַרונטער אַ פּאָר טרעפּנדיקע בערגלעך, קומט אונדז אַנטקעגן דער באַרג מירון. די שטאָט גופא ליגט גאָר צופוסנס פון באַרג עצמן. דאָ אין מירון געפינען זיך די קברים פון ר׳ שמעון בן־יוחאי און פון ר׳ אליעזר. אַלע ל״ג־בעומר איז מען עולה־רגל קיין מירון פון אַלע עקן לאַנד, מיט ספרי־תורות אין די הענט און מען ריכט דאָרט אָפּ אַלערליי תפילות.

איצט איז נאָך ווייט צו ל״ג־בעומר, עס איז ספירה־צייט און שוין זיינען דאָ אַלערליי וואַנדערער, וואָס באַלאַגערן די דאָזיקע קברים. אין די ענגע, געדרייטע לאַבירינטן און היילן אַרום די קברים, זיצן זיי, די וואַנדערער, אַלערליי בעטלער, מאַמעס מיט נאַקעטע בריסטן אין די קינדערס מיילער: קינדער מיט אַלערליי קרענק און אויסשיטעכץ. אַרום איז אַ מושב, אַן אָנוואַרפעניש פון רעשטלעך און שיריים פון עסנס. אַ רויך און אַ געשטאַנק פון חלב און צעשמאָלצענע ליכט קיצלט די נאָז־לעכער, פילט אָן דעם קאָפּ ווי מיט בליי און אַ טערפּקע פעטקייט לייגט זיך אויפן צונג. עס איבלט אונטערן לעפעלע, אַ מינוט צו חלשן. איך האַלט זיך איין און זוך עפּעס אַ מופת, אַ רמז. אין די שפּאַלטן פון די קברים ליגן פאַרשטעקט אָן אַ שיעור צעקנאָדערטע קוויטלעך. אוודאי בקשות אויף פרנסה, אויף אויסהיילן חולאתן און ספּעציעל פון עקרות צו קענען קינדלען...

אָט האָקט זיך אייַנע קאָפּ אין קבר, אַ צווייטער קושט דעם פאַר־סאַזשעטן פון ליכט פאַרשמאָלצענעם קבר און רוקט אַריין אַ קוויטל דאָרט אין שפּאַלט. איך קען שוין מער ניט אויסהאַלטן און כאַפּ זיך אַרויס אין דרויסן. ערשט איך פאַרנעם אַ שטים אין מאַמע־לשון און איך קען זיך ניט פאַנאַנדערקלייבן פון וואַנען עס קומט. פון אַ פענצטער שטעקט אַרויס אַ קאָפּ פון אַ באַוואַקסענעם יידן, מיט אַ היפּש פאַרשמאָלצענער יאַרמולקע און מאָלט געדיכט אין איין אָטעם, אַזוי ווי אַן אַנאָנסירער פון אַ צירק: „יידן, לאָזט זיך ניט גענאַרן, גייט ניט צו קיין דאָקטוירים און נאָך אַזעלכע אָנשיקענישן. לאָזט זיך ניט איינריידן קיין נאַרישע

מעשיות, נאָר דאָ זאָלט איר קומען, נאָר דאָ וועט איר געהאָלפן ווערן, נאָר פון דאַנען וועט קומען אייער ישועה. ווען איר גיט מיר אַכצן פּרוטות, ח״י צום לעבן, וועל איך אַלץ פאַר אייך באַזאָרגן: געזונט, פּרנסה און עולם־הבא! קומט אַהער, יידן, קומט אַהער!״

אַ מציאה, האָב איך געטראַכט און געשמייכלט צו זיך אַליין, וואָס עס זיינען נאָך דאָ אַזעלכע צוריקגעשטאַנענע. אָבער דאָס יידל, ער איז שוין גאָר ניט קיין צוריקגעשטאַנענער. ער איז אַ גאַניטער געשעפטסמאַן!

— פון דאַנען — זאָגט אָשר — וועל איך אייך נעמען צו גאָר אַן אַנדער טעריטאָריע, וואָס האָט צו טאָן בלויז מיט נאַטור אַליין.

מיר פאָרן צום עמק החולה, וואָס ליגט צופוסנס פון באַרג חרמון. די גאַנצע געגנט איז געווען איין גרויסער זומפּ, וואָס האָט פאַרשפּרייט אַ סך קראַנקהייטן און די ערגסטע פון זיי — מאַלאַריע. מע האָט די זומפּן, מיט מי, מאַטערניש און גרויס מסירת־נפש, אויסגעטריקנט און באַזייטיקט. אַ סך בלוט, שוויס און לעבנס האָט עס אָפּגעקאָסט, אָבער ס׳האָט זיך געלוינט. איצט בליט דאָ אַ פרוכטבאַרע געגנט. אויסער דעם ווערט אַ סך טאָרף אַרויסבאַקומען פון דאַנען. אָבער אַ שטיק ווילדערניש און זומפּיק לאַנד האָט מען איבערגעלאָזט, ווי אַ זכר לטיט, און בלויז פאַרן צוועק צו שטודירן. אַ פּראַכטפולע שטיק ווילדערניש, אין פולן זין פון וואָרט. די גראָזן, די געדיכט־פאַרדרייטע און פאַר־פלאָנטערטע קוסטעס, ווילדע בלומען פון אַלערליי קאָלירן,ביימער און ביימלעך. מיר פאָרן אַרום אין אַ קליין שיפל אַרום און אַרום דעם ווילדן, עקזאָטישן אינדזל און מיר דאַכט זיך פאַר אַ מינוט, אַז איך בין אַריינ־געפאַלן אין אַ ווילדן דזשאָנגל און באַלד וועט פון אַפער די קוסטעס אַרויסשפּרינגען אַ חיה־רעה און מיך פאַרצוקן. עס גיט טאַקע עפּעס אַ פלי און איך טו זיך אַ צאַפּל, שיער ניט אין וואַסער אַריינגעפאַלן. מיין שרעק איז געווען אומזיסט: אַן אויסטערלישער פויגל מיט אַ לאַנגן עק פון אַ פּאַווע, האָט אַ שוועב געטאָן, ניט מער. אַ סך אויסטערלישע פייגל זיינען דאָ, קוים זיי צו דערקענען, צוליב דער סביבה, וואָס באַשיצט זיי. אָבער איך קען הערן זייער געזאַנג, וואָס איז אַ סך אַנדערש פון אַנדערע פייגל, וואָס איך קען.

אַרום עמק החולה זיינען דאָ אַ סך אָזיערעס, וואו מען האָדעוועט פיש, איבערהויפּט קאַרפּן, אַזוי אַז יידן האָבן אַלע מאָל פיש אויף שבת.

— איר זייט ניט פאַרמאַטערט? — אַזוי פרעגט אָשר.

נו, וועל איך זאָגן אַז יאָ, ווען מיין נייגעריקייט האָט זיך אַזוי צעשפּילט, ניט איינצושטילן?

— חלילה, וואָס האָב איך דען אַזוינס געטאָן? — פּרוּוו איך אים איבערצייגן.

ווען מיר איצט — זאָגט ער — כאַפּן אַ לענגערן שפּאַציר און אַריינפאָרן אין דער הייליקער שטאָט צפת.

## צ פ ת

צפת, די שטאָט פון ערד־ציטערנישן און באַרימטן מצודה־פּאַרק, וואו אַ סך גבורים האָבן זייער רו דאָרט געפונען. אָבער צפת איז ניט באַרימט בלויז צוליב דעם. נאָך אַ לאַנגע צייט פאַר דעם איז צפת באַרימט געווען אַלס די שטאָט פון קבלה, זוהר, שולחן־ערוך, און וואָס ניט? און עס דערמאָנט זיך מיר אַן אָוונט מיט ד״ר יוניס ביי אַ גלעזל טיי, וואו ער האָט זיך צערעדט וועגן דער שטאָט צפת. אַ שוואַכקייט האָט ער צו דער שטאָט פון קדמונים אָן, אַ שוואַכקייט צו תנאים, תלמידי־חכמים און סתם גוטע לייט. און ער הייבט אָן אויסמאָלן אַ בילד: צפת — די שטאָט פון ארי הקדוש. שטעל זיך פאָר אַ פרייטיק־פאַרנאַכט: די זון זעצט זיך, גייט אַרונטער די בערג און אַ מחנה יידן, אָנגעטאָן אין ווייסן, מיט ליכט אין די הענט, דער ארי הקדוש פאָראויס, גייען מקבל פּנים זיין די מלכה שבת! די זון וואַרפט אירע רויטע פּורפּורנע שטראַלן אויף דער עדה יידן, וואָס זינגען, גייענדיק מיט די ליכט אין די הענט! קענט איר זיך פאָרשטעלן, אָדער אויסמאָלן אַזאַ בילד? למען השם, ווען איר וועט זיין דאָרט, זאָלט איר באַזוכן זיין קבר. אין דער זעלבער שטאָט איז אויך דאָ אַן אויסטערלישער קבר פון איינעם אַ חכם, וואָס האָט זיך געלאָזט באַגראָבן שטייענדיקערהייט מיט אַ פלאַקן אין האַנט! כדי, ווען משיח וועט קומען, זאָל ער ניט דאַרפן לאַנג באַלאַמוטשען און גלייך זיין דער ערשטער אין דער צעדה... נו, חיים, וואָס זאָגסטו צו דעם עפּיזאָד? וועט וועמען איינפאַלן ביי אייך אין אַמעריקע זיך לאָזן אַזוי באַגראָבן? און חיים האָט זיך געמוזט אונטערגעבן און ברעכן זיין עקשנות, אַז יאָ, אַז דאָרט אין אַמעריקע ווייס מען טאַקע ווי צו לעבן און מע קען בשום אופן ניט אַזוי שטאַרבן... — חיים, דו ווייסט דאָך גאַנץ גוט, ניט דאָס האָב איך געמיינט און הער אויף מיט דיינע פאַרגלייכונגען! זאָג כאָטש להבדיל אלף הבדלות! דו וועסט מיך בשום אופן ניט איבערצייגן! ניט דו וועסט מיך מאַכן פאַר אַ בונדיסט, און ווי איך זע, וועל איך דיך שוין פאַר קיין ייד אויך ניט מאַכן. דו ביסט אַ פאַרלוירענער, חיים. גייסט אַרום אין עולם התועה. דו ווייסט גאַנץ גוט, אַז אַלץ איז דאָ וואויל און פיין, נאָר דיין עקשן האָט זיך אין דיר איינגעשפּאַרט!

אָט דער גאַנצער געשפּרעך איז ביי מיר צערונען געוואָרן, ווען איך האָב אַריבערגעטראָטן די שוועל פון דער שול פון ארי הקדוש. דאָ אויף

די זעלבע קילע געפּלאַסטערטע דילן פון קאַלירטע שטיינדלעך און מאָזאַאיק איז ער אַרומגעאַנגעגן אין סאַנדאַלן און אַרומגענומען מיט אַ גאַרטל. די מאָזאַאיק פון די דילן איז שוין קאַלירלאָז און צעשפּרונגען. דער סאַמעטענער פּרוכת פון ארון־קודש, אַלט און פאַרשטויבט. בלויז די צוויי לייבן, ביי ביידע זייטן, זיינען נאָך פריש און ווי לעבעדיק, גרייט אַ שפּרונג צו טאָן. די שויבן פון אַלערליי קאָלירן און מוסטערן האָבן נאָך אויך אַ ביסל לעבן אין זיך. די פאַנטאַזיע איז אַלע מאָל רייכער ווי ווירקלעכקייט. קיין באַזונדערן שטאַרקן איינדרוק האָט די שול אויף מיר ניט געמאַכט, בלויז געשטילט מיין נייגעריקייט, דערמאָנט אַ ביסל געשיכטע פון וויטן עבר.

דערפאַר האָט אויף מיר געמאַכט אַ גוואַלטיקן איינדרוק דער קינסטלער־קוואַרטאַל פון צפת. שוין די סביבה אַליין איז קינסטלעריש צוגעקליבן און די נאַטור האָט דאָ ניט געזשאַלעוועט און געגעבן מיט דער פולער האַנט. אַלץ איז דאָ איינגעטונקט אין אַלערליי פלאַנצן און בלומען. און טאָמער איז דאָס נאָך ווייניק, איז יעדעס הייזל און אַטעליע פון קינסטלער, באַפּוצט מיט כלערליי וואַזאָנעס, וואַזעס, טעפּלעך און פאַרביקע שטיינדלעך — אַלץ וואָס איז נאָר שיין פאַרן אויג און האַרמאָניש צוזאַמענגעשטעלט. די בילדער, געמאָלן אין אויל און וואַסער־קאָלירן, דריקן אויס די טעמאַטיק פון לאַנד, פאַרשיידענע טיפּן און לאַנדשאַפטן אין אַלערליי וואַריאַציעס. פאַראַן דאָ קינסטלער פון גרויסן פאַרנעם און שוין באַרימט מחוץ לארץ. זייער איבערגעבנקייט און ליבע צו זייער אַרבעט איז אין לשער. עס דאַכט זיך, אַז זיי זיינען לחלוטין אויסגעטאָן פון דער גאַנצער אַרומיקער וועלט און אין גאַנצן צונויפגעוואַקסן מיט זייער אַרבעט מיטן גאַנצן ערנסט און הייליקייט פון זייער נשמה — אַ מין אַרבעט לשמה — צוליב קונסט. די בילדער זיינען ביי זיי ווי ציטערדיקע אָפּגעהיטענע קינדער און איך האָב געהאַט דאָס געפיל, אַז מען וואָלט זיי שטאַרק וויי געטאָן, אויב עמיצער וואָלט אָפּגעקויפט זייערס אַ בילד...

מיט אַ סך פרישע איינדרוקן און אַ לייכטן געמיט, האָבן מיר פאַרלאָזן צפת און זיך פאַרנומען ווייטער.

## קרית שמונה און טבריה

אַשר, אונדזער פּלימעניק און פירער, האָט געמאַכט אַ שטיקל אומוועג, כדי צו ווייזן אונדז נאָך אַ שטיקל פּראַכט פונעם לאַנד. זיינען מיר אין מטולה אויף דער העכסטער הייך און קוקן אַראָפּ פון דער שיינער, הערלעכער פּאַנאָראַמע פון עמק־ישראל — דער שפּייכלער און דער

שפּייזער פון דער מדינה. פּרעכטיקע, גרינע פעלדער, פון אַלערליי קאָלירן און שאַטירונגען, פון גרין ביז געל־ברוין, קאָרן, ווייץ און אַנדערע תבואות. וואָס־וואָס, קיין פליייש האָט דאָס לאַנד ניט גענוג, אָבער ברויט איז דאָ צו דער זעט! די פעלדער זעען אויס ווי פיגורן אין אַ קאָלירט פּאַזל, גרויס, רחבותדיק און געקעסטלט. גאָר אונטן ליגט דער כנרת, ווי אַ דימענט איינגעפּאַסט אין אַ קרוין און שפּיגלט זיך אין דער זון מיט אַלערליי קאָלירן. שיפלעך גליטשן זיך אויף זיין אויבערפלאַך מיט ווייסע זעגלען אויפגעבלאָזענע פון ווינט. דאָס זיינען פישער־שיפלעך, וואָס מאַכן אַ לעבן פון פאַנגען פיש. מיר וועלן פאַרזוכן פיש, פאַרזיכערט אונדז אָשר, ווען מיר וועלן אַראָפּנידערן קיין טבריה. דערווייל פאָרן מיר קיין קרית שמונה.

דער נאָמען רעדט פאַר זיך אַליין — די שטאָט פון אַכט. אַכט זיינען זיי געווען, אַכט יונגע, געזונטע און שטאַרקע בחורים, געקעמפט ביז דעם לעצטן אָטעם־צוג. דאָ זיינען זיי געפאַלן און דאָ ליגן זיי אין מיטן שטאָט אויף אַ סקווערל און אַכטביימלעך, יונג און שיין ווי זיי זיינען געווען, וויגן זיי איצטער אין אין זייער אייביקן שלאָף...

עפּעס ציט עס אים דאָרטן צו קרית שמונה, דעם פּעטער חיים, אַזוי ווי אים האָט געצויגן קיין באר שבע. בעת דאָרט האָט ער זיך צעהיצט וועגן אַ שול מיט אַ לערערין, וועט ער זיך דאָ קענען אָפּקילן אין דעם גרויסן „קאָלד סטאָרעדזש", וואָס זיין יוניאָן האָט געהאָלפן אויסבויען. נאָך גרויסע מי און מאַטערניש האָט ער עס ענדלעך געפונען און נאָך די נייטיקע און געהעריקע פאָרמאַליטעטן פון פאָרשטעלן זיך פאַרן אויפזעער, האָט מען אונדז באַוויליקט אַריינצוגיין און אָנקוקן דעם חפץ: עס איז גענוג גרויס פאַר עטלעכע פאַמיליעס צו וואוינען דאָרט אין די גרויסע היצן. מען האַלט דאָרט מערסטנס פּרוכטן פאַר דעם עקספּאָרט. צום סוף האָב איך פאַראייביקט דעם פּעטער חיים מיטן אויפזעער פון „קאָלד סטאָרעדזש" אין דער אויסלענדישער קאַמעראַ.

— און איצט וועלן מיר אַראָפּנידערן קיין טבריה און עסן די געשמאַקע פישלעך — אַזוי זאָגט אָשר — און פאַרנעמט זיך אויפן וועג אַראָפּ. איצט ענדערט זיך די זעלבע פּאַנאָראַמע אין אַ פאַרקערטער פאָרם. וואָס נידעריקער מיר נידערן אַראָפּ, אַלץ העכער און ווייטער ווערן די בערג און אַלץ נענטער דער עמק מיט זיינע פעלדער, וואָס קוקן שוין גאָרניט אויס ווי קאָלירטע קעסטלעך אין אַ פּאַזל־שפּיל. זיי זיינען מיט אַ מאָל אויסגעוואַקסן, גרויס און רייף און גרייט צום שניט. און אָט לאָזן מיר זיך פּאַזע דעם ברעג כנרת. ער איז גאָרניט אַזוי גלאַט, גאָרניט אַזוי שטיל. גרויסע כוואַליעס הוידען זיך און שטיפן און קערן די שיפלעך אויף רעכטס און אויף לינקס. די זעגלען בלאָזן זיך און פלאַטערן צאָרנדיק.

פישער־הענט הייבן זיך צו באַגריסן אונדז און די זון איז דאָ שטאַרקער און וואַרעמער ווי אויבן.

טבריה איז נידעריקער פון דער אויבערפלאַך פון ים. זי איז די מאַריענבאַד פון ישראל. דאָ קומט מען זיך קורירן פון רומאַטיזם און אַנדערע ווייטיקן אין די ביינער. מען טובלט זיך אין אירע סאָלפאָר־בעדער, מינעראַל־בעדער און מען זאָגט, אַז מען ווערט באמת געהאָלפן. איך וואָלט אַליין אַ בעלן געווען כאַפּן אַ שווים אין אַזאַ מקוה — פּטור ווערן אַ ביסל פון מיינע שטעכענישן, אָבער ניטאָ קיין צייט. מען דאַרף גיין אויף קבר־אבות. דאָ זיינען דאָ די קברים פון ר׳ יוחנן בן זכאי, ר׳ עקיבא און ר׳ מאיר בעל־הנס. ביים לעצטן מוז איך בעטן מחילה. ניט איין מאָל האָט זיך מיר פאַרגלוסט אַרויסגנבענען אַ קאָפּיקע פון זיין פּושקע און די באָבע פלעגט מיך שטענדיק כאַפּן... חטאתי, זיי מיר מוחל, הייליקער צדיק, ווילן מיינע ליפּן שעפּטשען, נאָר עס כאַפּט מיך אַרום אַ הייליק געפיל און אַ גרויס יראת־הכבוד, אַזש כ׳האָב דאָס מויל ניט געקענט עפענען.

פאַרענדיקט די נסיעה טבריה האָבן מיר אין אַ רעסטאָראַן ביי אַ סעודה פון געפּרעגלטע פישלעך, וואָס זיינען געכאַפּט געוואָרן אינעם ים כנרת. אַזעלכע פישלעך האָבן מיר שוין לאַנג ניט געגעסן. זיי האָבן אונדז דערמאָנט אָן די היימישע פלאָטקעלעך, וואָס בלויז אָרעמעלייט האָבן זיך עס געקענט פאַרגינען צו קויפן נאָר אויף שבת. אָבער די פישעלעך האָבן געהאַט טויזנט טעמען. זיי זיינען זיך צעגאַנגען אין מויל אַפילו מיט דיביינדלעך. פּעטער חיים, וואָס פלעגט נאָר עסן געפילטע פיש אין דער היים, האָט געלעקט די פינגער און געבעטן נאָך.

שלום, טבריה, אויב כ׳וועל דיך ניט פאַרגעסן, וועט עס זיין נאָר צוליב די פישלעך!

## כפר נחום און נצרת

אין כפר נחום זיינען מיר אָנגעקומען נאָך האַלבן טאָג. עפּעס אַן אַנדער אַטמאָספערע און אַנדערע ווינטן האָבן דאָ געבלאָזן. אַ קאַלטקייט פון אַ פרעמדער וועלט האָט מיך אַרומגענומען און כ׳האָב זיך ניט געפילט היימיש. בלויז חורבות, רואינען און אַלץ „זייערע״, וואָס אין „זיין״ נאָמען האָט מען אונדז נאָכער געברענט און געבראָטן און געצאַפּט אונדזער בלוט. דאָ האָט „ער״ באַגעגנט זיינע חסידים און אָנהענגער, פון דאַנען האָט ער געפּריידיקט „זיין״ לערע און תורה.

אַ סך אויסגראַבונגען און אַלטערטימלעכקייטן געפינט מען דאָ און

דאָס וואָס מאַכט באַרימט כפר נחום. בלויז אַן אַלטע שול, אפשר פון 2טן יאָרהונדערט, וואָס איז דאָ אויסגעגראָבן געוואָרן, דערמאָנט אַ ביסל אין אַ יידיש לעבן, וואָס האָט אַ מאָל עקזיסטירט. ביי דער זייט פון דער שול, אין קאָנטראַסט, שטייט אַ מאָנאַסטיר.

מיר פאַרלאָזן כפר נחום און לאָזן זיך צו דער הייליקער שטאָט נצרת — די געבורט־שטאָט פון ישוי הנוצרי. דאָס איז אַ ריין אַראַביש־קאַטוי־לישע שטאָט, מיט אַ סך קירכעס און קלויסטערס. דאָ, אין דער קירך, זאָגט אונדז אָשר, האָט דער הייליקער מלאך גבריאל געזאָגט מרימען, אַז זי איז פאַרגאַנגען אין טראָגן. זי האָט, ווייזט אויס, זיך אַזוי דערפרייט מיט דער בשורה, אַז זי האָט זיך אָוועקגעשטעלט אויף אַ הויכן געשטעל, צעשפרייט די אָרעמס, ווי זי וואָלט וועלן אַרומכאַפּן די גאַנצע וועלט און קושן — און אַזוי איז זי שטיין־געבליבן — אַ סטאַטוע.

די הייל, וואו מרים האָט אַ לאַנגע צייט געלעבט מיט ישיק, איז צו באַוואונדערן פון דער אַרכיטעקטור פון יענער צייט, אַזוי מוסטערהאַפט אויסגעפלאַנט און אויסגעאַרבעט. אַלץ איז געבויט אונטער דער ערד. אַלץ איז אויסגעהאַקט פון שטיין: דער טיש, אַפילו די בעטן צום שלאָפן, אַלע נייטיקע קאַנאַליזאַציע פאַר מענטשלעכע באַדערפעניש, אַפילו, זיינען אויך איינגעאָרדנט אויף אַ פרימיטיוון אָבער פיינעם שטייגער. דער עיקר — ווענטילאַציע, אַן עפענונג פאַר לופט, אַן מאָדערנער טעכניק. אויף יעדן טריט און שריט קלויסטערס מיט קלויסטערלעך און אין זיי אויל־לאָמפן, וואָס פאַרשפרייטן טשאַד און רויך. ליכט ברענען דאָ אויך, דאָס צינדן אָן די באַזוכער פאַר די נשמות, וואָס זיי קומען בעטן. און באַזוכער זיינען דאָ אַ סך, מערסטנס טוריסטן, יעדערער מיט זיין פירער, מיט זיין שפּראַך. מען קוקט, מען זוכט, מען נישטערט און מען פאַרשרייבט אַלץ מיט גרויס באַוואונדערונג. נאָר איך זע דאָ ניט דעם גרויסן וואונדער און אויסערגעוויינלעכקייט. איך פיל בלויז, אַז „זיין" לערע האָט מען פאַרקריפּלט און פאַלש אויסגעטייטשט און דערפאַר דער האַס און די פאַרדאַמונג צו אונדז, יידן. און עס יאָגט פון דאַנען, פון דעם מקור. קען איך מער ניט איינזאַפּן די ריחות פון די אייל־לאָמפן און זייער ווייררויך און מיר פאַרלאָזן נצרת.

ביים פאַרלאָזן די הייליקע שטאָט האָב איך זיך נאָך אַ מאָל אַרומ־געקוקט אין דעם אַרום און דערזען די בליענדיקע לאַנדשאַפט פון בערג און טאָלן: ניט ווייט דער ים כנרת — אַ שיינער ראָמאַנטישער פלאַץ צו פירן דאָ געטלעכע ליבעס... ניט אומזיסט האָבן זיי זיך דאָ געליבט אַזוי לאַנג!

# סדום און ים המלח

די נסיעה קיין סדום און ים־המלח האָט מען געהאַלטן פאַרן לעצטן פּונקט פון אונדזער רייזע. פאַרוואָס ווייס איך ניט. אפשר דערפאַר, ווייל דאָרט איז דער גהינום אַליין און אַהין האָבן מיר זיך ניט וואָס צו איילן. אָבער אַ סך חלוקי־דעות האָט די נסיעה דאָך אַרויס־גערופן צווישן אונדזערע מיטגלידער פון דער משפּחה. איבערהויפּט האָט איינגעלייגט וועלטן מיין קוזין ישראלס ווייב רבקה. זי האָט געטענהט: עס איז דאָרט אַזוי הייס, אַז איר וועט נאָך צעמאָלצן ווערן און אַריינרינען אין ים־המלח. איר וועט נאָך חלילה קראַנק ווערן. נאָר דאָס פעלט אייך! איר דאַרפט דאָך שוין באַלד פאָרן אַהיים, טאָ וואָס וועט מען דאָרטן זאָגן, אַז מיר האָבן אייך קראַנק געמאַכט? איך אַליין האָב דאָרטן גלייך אָוועקגעחלשט, ווען מיר האָבן געמאַכט אַ „טיול", קורץ פאַר אייער קומען. אוממעגלעך געווען אָפּשטעלן איר שטראָם רייד און וואָס מער זי האָט גערעדט און מיר אָפּגעמאָשלט די נודאָטע אירע מיט דער היץ, אַלץ מער האָב איך חשק געהאַט צו פאָרן. ערגער, ווי אַ פייכטער, שטיקנדיקער יולי־טאָג אין ניו־יאָרק, קען עס ניט זיין, האָב איך געטראַכט. און אויף וואָס איז דאָ אַ ים? אמת, געזאַלצן איז ער, אָבער אָפּטובלען קען מען זיך אין אים?

דער איינציקער וואָס האָט אונדז צוגערעדט, איז געווען טאַקע ווייטער ד"ר יוניס. נו, וועגן אים איז דאָך ניטאָ וואָס צו ריידן! ער האָט דאָך ליב דאָס גאַנצע לאַנד, מיט זיינע מעלות און חסרונות (אויב עס האָט ביי אים חסרונות). אַפילו אַזאַ רשעותדיקע שטאָט ווי סדום און אַזאַ טויטער ים ווי דער ים־המלח. — פאָרט, פאָרט, — האָט ער אונדז צוגעגעבן מוט — ס'איז ניט אַזוי דער ים־המלח און סדום, ווי די וועגן וואָס פירן צו זיי אַזאַ שיינקייט פון דער נאַטור מיט אירע קאַפּריזן, האָט איר נאָך ניט געזען. ווי איר האָט שוין באַמערקט, האָט זיך יעדע לאַנדשאַפט דאָ איר אייגנ־אַרטיקע שיינקייט. די שיינקייט פון גליל קענט איר בשום אופן ניט פאַרגלייכן צו דער שיינקייט פון דער פּאַנאָראַמע אַרום ים־המלח און סדום. — אַ פּאָעטישע נשמה האָט ער, ד"ר יוניס, און איז נאָך אַזוי ראָמאַנטיש.

איז פאָרן מיר. די רייזע דאַרף אונדז נעמען אַ טאָג, זאָגט אונדז אָן דער גוטער, ליבער שאול. מיר זיינען לייכט אָנגעטאָן, מיט שטרויענע, גרויסע היט אויף די קעפּ, צו באַשיצן זיך פון דער שטאַרקער זון. דער

וועג פון תל־אביב ביז באר־שבע איז אונדז באַקאַנט, שוין עטלעכע מאָל פאַרבייגעפאָרן, אָבער יעדעס מאָל קוויקן מיר זיך אַלץ מיט דער שיינקייט פון דער נאַטור און פון די שמעקעדיקע פּרדסים. נאָך באר שבע קריכן מיר אַראָפּ און אַראָפּ. עס טורעמען אויף בערג און בערגלעך איבער שמאָלע, געדיכטע וועגן און וועגלעך, און מיר דאַכט זיך, אַז מיר זיינען אין גרויס סכנה, טאָמער קומט אָן אַנטקעגן אַן אַנדער אויטאָ, אָדער אויטאָבוס און מען „צעקושט" זיך אַזוי האַרציק. אָבער שאול באַרואיקט מיך, אַז אויף צוריק זיינען דאָ אַנדערע וועגן, טאַקע ווייל די וועגן זיינען שמאָלע, און ס'וואָלט גענומען צו לאַנג און געקאָסט צו פיל זיי אויסצוברייטערן. אָבער מען וועט עס נאָך טאָן אַ מאָל, ווען די מדינה וועט אַ ביסל קומען צו זיך, דער עיקר, עס זאָל הערשן שלום ושלוה.

טאַקע ווי ד"ר יוניס האָט עס אָפּגעמשלט. ווי קאַפּריזנע און קאַפּויער־דיק האָט די נאַטור דאָ אָנגעהויפט בערג און בערגלעך, ניט געזשאַלעוועט, מיט דער פולער האַנט, איינס איבערן אַנדערן; אַנדערע קידער־ווידערדיק — דער גאַנצער לאַנגער, געדיכטער וועג באַרג־אַראָפּ איז געווען איין גרויסער לאַבירינט פון בערג! עס האָט מיר אויסגעקוקט ווי אונדזער זיידע מענדעלע שילדערט גלופּסק אומגעפער אַזוי: האָפּערדיק און קוממיותדיק שטייען די הייזער אין גלופּסק. איינס אין צווייטנס גרגרת אַריין...

איך וואַך אויף ווען דער אויטאָ לאָזט זיך נאָך אַלץ האַסטיקער אַראָפּ און אַראָפּ, כ'האָב מורא, גלייך אין כף הקלע אַריין... מען קען פאָרן נאָך נידעריקער? מיר זיינען דאָך שוין באַלד איינגעזונקען געוואָרן, ווי קורח! לאָז איך אויס מיין גאַנצע אומגעדולד צו שאולן, און ער ענטפערט מיר בנעימות: — פאַרגעס ניט, מומע ריווע, ים־המלח איז דער נידעריקסטער פונקט אין דער וועלט! — ניין, כ'האָב ניט פאַרגעסן. מיר זיינען שוין אין דער טעריטאָריע פון שאול תחתיה, פון גהינום אַליין.

מיין ערשטער איינדרוק איז געווען, אַז דער טייוול איז גאָרניט אַזוי שוואַרץ, ווי מען מאָלט אים. עס איז ניט אַזוי הייס, אַז מען זאָל דאַרפן חלשן. אַ ביסל וואַרעמלעך, ס'וואָלט ניט געשאַדט אַ ביסל קילער, אָבער נישקשה. דערפאַר זעסטו דעם ים־המלך אין זיין גאַנצער גרויס. איך דערנענטער זיך צו אים ווי צו אַ בר־מינן און ריר אָן זיין אויבערפלאַך. כ'וויל זען, צי האָט ער כאָטש אַ פונק פון לעבן. ניין, טויט ווי אַלע טויטע. קיין פישל שטעקט ניט אַרויס קיין קעפּל, וואָרעם ווי קענען פיש לעבן אין אַזעלכע געדיכטע, געזאַלצענע וואַסערן? מיין האַנט קען איך ניט אָפּוואַשן, בשום אופן ניט. אַ חוץ וואָס זי איז געזאַלצן, איז זי פעט אויך. אַפּנים ער מוז האָבן אויל, אָדער נאַפט, דער ים. מען מוז די האַנט אָפּוואַשן. וועגן באָדן זיך איז שוין קיין רייד ניטאָ, כאָטש מען פאַרזיכערט מיר, אַז ס'זיינען דאָ שפּריצן מיט זיסע וואַסער, וואָס וועלן

מיך ראַטעווען. אָבער מוחל, כ׳וויל זיך ניט טובלען און כ׳וויל זיך ניט ראַטעווען.

דעם איינציקן, אָבער גרעסטן, נוצן וואָס דער ים־המלח ברענגט דער מדינה, איז זיינע מינעראַלן, און דערהויפּט — פּאָטאַש. אָט שטייט דאָ אַ פאַבריק, וואָס אַרבעט אויס דעם פּאָטאַש. אַרבעטער מאַכן דאָ אַ לעבן און וואוינען דאָ אויך צייטווייליק, ניט קיין סך, ווייל קיין בעלנים זיינען ניטאָ פאַר אַזאַ העק. אָבער די אַרבעטער דאָ זיינען אידעאַליסטן, זיינען זיי מקריב אַ סך באַקוועמלעכקייטן און טוען זייער אַרבעט בשלמות. אָט זיינען אויסגעשפּרייט גאַנצע שטחים מיט אָפּגעצויגענע וואַסערן פון ים־המלח. דאָס וואַסער פון דער שטאַרקער זון ווערט אויסגעטריקנט שנעל און עס בלייבן ווייסע שיכטן. פון זיי, אויף אַ כעמישן אופן, ווערט אויס־געאַרבעט דער פּאָטאַש און אויך דער זאַלץ.

אַ גאַנץ נישקשהדיקער רעסטאָראַנדל, אָדער קאַפע־הויז, אָדער אין איינעם, איז דאָ פאַראַן, און מען קען קריגן וואָס נאָר מען וויל: סענד־וויטשעס, קאַווע, קאַלט ביר, סאָדאַ און אַלערליי נאַשוואַרג. דאָס איז פאַרן אייגענעם געברויך און אויך פאַר טוריסטן. עס הודזשען דאָ די עלעקטרישע פעכערס אין דער הייך, און פאַרלינדערן אַ ביסל די היץ. די גרויסע עלעקטרישע אייז־קאַסטנס אַרבעטן דאָ גוט. ווער האָט עס געזאָגט, אַז דאָ איז אַ גהינום? אמת, אַמאָל איז סדום געווען פאַררעכנט פאַר דער רשעותדיקער שטאָט אין דער וועלט: סדום ועמורה — צוויי שוועסטער. פון דער צווייטער האָט מען געהערט ווייניק, אָבער סדום — אָ־האָ! איז דאָך עס געווען סדום, וואָס פלעגט זיך אָפּרעכענען מיט אַן אורח אָדער אָרעמאַן. איז ער געווען קליין־געוואַקסן, פלעגט מען אים אַזוי לאַנג אויסציען, ווי לאַנג עס איז געווען דאָס גרעסטע בעט. פאַר־קערט, איז ער געווען גרויס, האָט מען אים אָפּגעהאַקט די פיס און אים אַריינגעלייגט אין אַ קורץ בעטל. איז דאָך עס געווען סדום, פאַר וועמען אברהם אָבינו האָט זיך געבעטן ביים רבונו של עולם, ניט צו פאַרברענען זי, קוים געפינט ער דאָרט כאָטש ניין צדיקים, און ער האָט קיין איינעם אויך ניט געפונען.

דאָס איז אָבער געווען אַמאָל, אַמאָל. פון יענעם סדום איז קיין שפור ניט געבליבן. בלויז בערג אַרום און אַרום און די בערג זיינען מיט געדיכטע שיכטן זאַלץ באַדעקט. איך וואָלט ניט געגלויבט, ווען איך קריגל ניט אָפּ אַ שטיקל און טו אַ לעק. ווער ווייסט, אפשר ווען סדום האָט געברענט און לוט מיט זיין ווייב און טעכטער זיינען אַרויס פון שטאָט זיך ראַטעווען, און לוטס ווייב האָט זיך ניט געקענט איינהאַלטן פון צו געבן אַ קוק הינטערווייליעכץ, און פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ זייל זאַלץ. אפשר זיינען

זיי אַלע פֿאַרזאַלצט געוואָרן אין זייער געשטעל און זייער גייסט שוועבט נאָך דאָ אַרום? אָט שטייען הייזלעך אין אַ שורה, מיט אָפֿענע טירן און פֿענצטער, קיינער וואוינט ניט אין זיי. די אימיגראַנטן, וואָס האָבן פֿריער געוואוינט, האָבן זיך באַזעצט אין דימונה. דער קלימאַט האָט זיי דאָרט געדינט בעסער. רופֿט מען דאָ די אַמאָליקע סדום „דעם טייוולס שטאָט". אפֿשר האָבן די נשמות פֿון דער רשעותדיקער שטאָט פֿאָרט געפֿונען דאָ זייער תּיקון.

אויפֿן וועג צוריק אַהיים האָט מיך פּעטער חיים געהאַלטן אין איין דערמאָנען, אַז איך זאָל למען השם ניט פֿאַרגעסן ניט צו כאַפּן אַ קוק אויף אַהינטער: ער האָט דאָך ניט געוואָלט, אַז זיין ווייב זאָל פֿאַראייביקט ווערן אין אַ זייל זאַלץ.

# צוריק אַ היים!

צו אַלע גוטע זאַכן מוז קומען אַ סוף — דאָס איז דער געבאָט און דער געזעץ פון דער נאַטור. און צו אונדזער רייזע האָט זיך ביסלעכ־ווייז אָנגעהויבן דערנענטערן די צייט פון אַהיימפאָרן — אַ זאַך, וואָס איך האָב ביז איצט גאָרניט געטראַכט וועגן דעם. דער געדאַנק איז פאַר מיר געווען אַזוי ווילד־פרעמד, אַזש ס׳האָט מיר פּשוט גענומען אַ סך צייט זיך אַריינצולעבן אין דער סיטואַציע און שלום מאַכן מיטן געדאַנק. די פאַמיליע האָט אונדז נאָך געוואָלט פאַרהאַלטן ביז איבער שבועות, זען ווי מע פּראַוועט דאָ ל״ג בעומר און שבועות, אָבער פעטער חיים איז ניט איינגעגאַנגען.

און ער איז גערעכט געווען! גאָלדע איז אויסגעגאַנגען ווי אַ ליכט. דער מלאך המות האָט געלויערט אין אַלע ווינקעלעך, די שטימונג — אַ שווער־דריקנדיקע און טרויעריקע. איך האָב געפילט, אַז מע האַלט גאָלדען אויף מיט קינסטלעכע איינשפּריצונגען, וואָס מרתה, יוניסעס פרוי, אויך אַ דאָקטאָרין, גיט איר יעדן טאָג. עס וואונדערט מיך נאָר, וואו קריגט זי אין גאָלדען אַ שטיקל ווייך פלייש אין די אָרעמס אויף אַריינ־צושטעכן די נאָדל? און גאָלדע נעמט עס אַלץ אויף פּאַסיוו, אָן אַ ציטער מיט אַ ברעם, גלייך ווי ניט איר מיינט מען עס. זי איז שוין האַלב אויסער דער וועלט. איך האָב דערפילט, מיט מיין זעקסטן חוש, אַז די משפחה וויל ניט אונדז אונטערטראָגן אַ לויה, ובכן, בעסער מיר זאָלן זיך אָפּטראָגן!

אָן אומעטיקער רייזע־פיבער האָט מיך אַרומגענומען, ניט יענער פיבער פאַרן פאָרן אַהער, וואָס איז געווען פול מיט נייגעריקן אומרו, שפּאַנונג און דערוואַרטונג. איך האָב גאַנץ גוט געוואוסט, וואָס מיך דערוואַרט איצט אין דער היים: אַ שמוציקע, אָפּגעלאָזטע היים, אַ הייסע ניו־יאָרק ווי אַ קאַלך־אויוון און „שובו רשעים לשאולם״ — צוריק צו דער אַרבעט! אָבער דער אומעטיקער רייזע־פיבער האָט באַשווערט מיין האַרץ און געדריקט מיין געמיט — גאָלדע! איך וועל דיך מער ניט באַדן, מער ניט דערלאַנגען דיר אַ דריטל גלאָז טיי, מער ניט ריידן מיט דיר — דיך מער ניט זען! נאָך ערגער — וועסט מער ניט זיין!

אונטער אַזאַ שווערן דרוק האָבן מיר זיך שטיל איינגעפּאַקט און געמאַכט די נייטיקע הכנות צו דער רייזע אַהיים. די גאַנצע משפחה,

פון רחובות, ירושלים, תל־אָביב און גבעתיים, חיפה, איז זיך צוזאַמענ־געקומען מיט זייערע קינדער און אייניקלעך. פריער, קומענדיק אַהער, האָב איך קיינעם ניט געקענט און מורא געהאַט כ׳וועל ניט האָבן מיט וועמען זיך אַרומצונעמען. איצט האָב איך אַזאַ גרויסע משפּחה, קיין עין־הרע, אַלע זיינען ווילִיק זיך אַרומצונעמען מיט מיר און אַלעמען איז אַ שאָד אונדזער אַוועקפאָר.

פּונקט ווי ס׳איז דאָן געווען אַ פּריטיק ביים פּאַרלאָזן ניו־יאָרק, אַזוי איז היינט אויך פּריטיק ביים פּאַרלאָזן ישראל. מיר זיינען אויפגע־שטאַנען פרי, כדי צו מאַכן די לעצטע צוגרייטונגען. גאָלדעס מאַמע האָט זיך באַצייטנס געפעדערט אין קיך מיטן שבת. גאָלדע איז אַראָפּ אין די אונטערשטע צימערן, ווי אַזוי ווייס איך ניט, און זיך געזעצט אויף איר שטענדיקער שטול אין גאַסט־צימער. דאָס טיכל שטייף פאַר־בונדן אַרום איר קאָפּ; פון די אויגן־לעכער, נאָך טיפער ווי פריער, האָבן אַרויסגעקוקט שטום אירע גרויסע, האַלב־אויסגעלאָשענע אויגן. אויף די ליפּן האָב איך באַמערקט אַן אויסשיט פון ווייסע פּענכערלעך — אַ זאַך, וואָס איך האָב עס פריער ניט געזען. גאָלדע רעדט ניט, נאָר אירע אויגן קוקן אויף מיר און פאָלגן מיר נאָך יעדע באַוועגונג. איך קען לייענען אירע געדאַנקען. איצט ווייס איך, אַז זי פאַרשטייט שוין אַלץ, אַז מיר וועלן זיך שוין מער ניט זען...

מיר געזעגענען זיך שטיל, אין איילעניש, פּונקט ווי ביי אַ שטילער לוויה, אַבי וואָס גיכער פאַרלאָזן דאָס הויז. איך בין געווען די לעצטע זיך צו געזעגענען מיט גאָלדען. איך בין צוגעגאַנגען צו איר, אָנגע־נומען אירע דאַרע, קאַלטע הענט און איר אַ קוש געטאָן אין איר איינגע־פאַלענער באַק: זיי געזונט, גאָלדע, זיי געזונט און שטאַרק, ווען כ׳וועל אין גיכן קומען אַ צווייטן מאָל, וועל איך דיך געפינען שוין פולקאָם געזונט! — און ניט אומקוקנדיק זיך אויף אַהינטער, בין איך שנעל אַרויסגעלאָפן, ניט קענענדיק מער איינהאַלטן מיין שטראָם טרערן. — זיי מיר מוחל, גאָלדע, איך ווייס אַליין ניט ווי אַזוי איך האָב דיר געקענט זאָגן אָפן אַזאַ גרויסן ליגן!

מיינע אַלע געצוימטע געפילן, מיט מיין געוויין, האָב איך אויסגעלאָזט צו איר מאַמען, וואָס איז געשטאַנען ביים טויערל פון גערטנדל ווי אַ שטום באַשעפעניש. אויך זי באַגרייפט ניט די ריכטיקע לאַגע פון איר אומגליקלעכער טאָכטער. איך בין אַרויפגעפאַלן אויף איר, געקושט איר אָנציינערדיק מויל, דאָס שטעכיקע גאָמבעלע אירס האָט מיך געקיצלט און כ׳האָב זיך דערפילט ווי אַ קינד אין מיין באָבעס אָרעמס.

אויפן לופט־פעלד האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע סדרה פון זעגענען זיך. עס איז מיר אַזאַ שאָד געווען זיך צו שיידן פון אַזעלכע האַרציקע,

גוטע מענטשן, וואָס איך האָב נאָר וואָס באַוויזן צו באַקענען: יחיאל און זיין פרוי צילה, פעטער חיימס איינציקער ברודער, זיינע קינדער יצחק און שושנה, כמעט שוין דערצויגענע אין היגן לאַנד און זייערע קינדער — איינס שענער פון אַנדערן; אשר, משה און ברכה — פעטער חיימס פּלימעניקעס, געראַטעוועטע פון גיהנום, אַזוי אויך משהס ברודער שאול און זיין פרוי רחל; אַלעמענס קינדערלעך זיינען דאָ אויסגעמישט און איך קען זיי שוין אַפילו ביי די נעמען. ווי שיינע שמעטערלינגען פלאַטערן זיי דאָ אַרום, שטיפן און זיינען באַגייסטערט צו זען טאַקע אַן אמתן עראָפּלאַן, ווי ער הייבט זיך אויף אין דער לופט! וואָרים ווען וואָלטן זיי געהאַט אַזאַ געלעגנהייט צו זען, אויב אַ פעטער פון אַמעריקע וואָלט ניט געקומען צו זיי אויף אַ באַזוך? ווילט זיך טאַקע ניט צעשיידן זיך פון אַזעלכע ליבינקע און טייערינקע, אָבער — מע מוז — די צייט זאָגט עס.

מיר זיצן שוין אינעווייניק, איך דעם ערשטן מאָל אין אַן עראָפּלאַן און איך ווייס ניט, צי דאַרף איך זיך שרעקן, צי ניט. איך האָב בלויז איין גרויסע שרעק אין האַרצן, און זי פאַרטושט אַלע אַנדערע: ווידער אַ מאָל גאָלדע!

דער עראָפּלאַן האָט געשניטן די לופט, געלייגט קלאַפּטערס ווי אַ געניטער שווימער און מיר האָבן פאַרלאָזט דעם האָריזאָנט מיט די פּרעכטיקע בלויע הימלען פון ישראל. צו מיין גרויסער איבערראַשונג, האָב איך אָנגעהויבן באַמערקן אונטער אונדז ווייסע וואָלקנדלעך און אַלערליי געשטאַלטן: וואָלקנס גרויסע, ווייסע, ווי טראָגנען און פאַרכשופטע שלעסער, עפּעס אַ מין שניי־ווייס ערגעץ־לאַנד, וואו די שניי־מלכה רעגירט אויף אַ פרידלעכן אופן. אָט איז, דאַכט זיך, דער באַרג סיני און משה שטייט מיט די לוחות אין די הענט. אַ גליק וואָס איך האָב זיך אַריינגע־לאָזן אין דער ווייטער פאַנטאַזיע מיינער און אָנגעפירט אַ שפּיל מיט די וואָלקנס, ווי מיט מאַריאָנעטן. מיר האָבן באַלד געדאַרפט אָנקומען קיין רוים, אָבער עס האָט מיך ניט געלאָקט. נאָך ירושלים קיין רוים — עפּעס אַ צו גרויסער קאָנטראַסט, הגם אַ קלייגער מהלך. די נייגעריקייט אין מיר איז פאַרטעמפּט געוואָרן, איך בין געוואָרן גלייכגילטיק ניט נאָר צו רוים, מיט אירע קונסטווערק און קירכעס, נאָר אַפילו צום לעבעדיקן פּאַריז, מיטן מאָנפּאַרנאַס און ברודיקע קינסטלער, וואָס מיר האָבן שפּעטער באַזוכט. אַפילו די קאַלטע, קאָנסערוואַטיווע לאָנדאָן האָט מיך אויך ניט איבערראַשט, פאַרקערט, מיך גיכער דענערווירט. אָט די נאָענטקייט און וואַרעמקייט, וואָס איך האָב דערפילט אין מדינת־ישראל, האָב איך אין ערגעץ ניט געקענט געפינען.

געקומען אַהיים, בין איך גאָרניט נתפעל געוואָרן פון קיין זאַך; אַלץ האָב איך זיך טאַקע אַזוי פאָרגעשטעלט, אַזוי אַז איך בין נישט אַנטוישט

געוואָרן. עס האָט מיך אַרומגענומען אַ ליבע וואַרעמקייט שוין ביים לופט־פעלד. ניט יענע היימישע וואַרעמקייט פון ישראל, נאָר אַ היץ, אַ דער־שטיקעניש, אַזש כ׳האָב אָנגעהויבן שוויצן, כאָטש עס איז נאָך געווען דער ערשטער טאָג שבועות. אין שטוב — אָן אומאָרדענונג, כאָטש עמיצער האָט מיט אַ טאָג פריער געראַמט. די קעץ, שוין אויסגעוואַקסענע, זיינען געווען פול אויף טיש און אויף בענק. די גאַרדינען זיינען געהאָנגען קרום און צעטרענצלט וואו־ניט־וואו. ווייזט אויס, אַז די קעץ האָבן זיך געהוידעט אויף זיי. עס האָט אַ שמעק געטאָן מיט עפּעס אַ ליידיקער פּוסטקייט, ווי מען וואָלט פון דאַנען אַרויסגעטראָגן אַ בר־מינן.

אינסטינקטיוו האָט מיך אַ ציי־געטאָן צו גאָלדעס צימער און כ׳בין צום ערשטן מאָל אַריין. איך האָב דערפילט איר ספּעציפישן גערוך, איר פּודער, אָדעקאָלאָן, וואָס זי האָט גענוצט. אָט ליגן אַ פּאָר האָר־שפּילקעס, אַ טיכעלע, אַ זשורנאַל. עס הייבט מיך אָן שטיקן אין האַלדז און איך גיי צו צום פענצטער, אַז קיינער זאָל ניט זען. אויפן ראַנד פון פענצטער האָבן זיך געוואַלגערט אַ פּאָר קינסטלעכע רויט־געפאַרבטע נעגל, וואָס גאָלדע האָט פאַרלוירן פון אירע טייוולשע שוואַרצע נעגל. צווישן בעט און פענצטער האָב איך אויך געפונען אַ פאַרוואַלגערט בריוול, געשריבן פון איר זון אליהו. איך לייען איבער אַ פּאָר שורות און מער קען איך ניט. מיינע אויגן ווערן מיר פאַרפלייצט: „נוחי, אמא, אל תדאגי, הכל יהיה בסדר״. אַזוי שרייבט ער איר: רו, מאַמע, דאגה ניט, אַלץ וועט זיין אין אָרדענונג. און אָט טו איך זיך אַ צאַפּל: איך האָב, דאַכט זיך, דערהערט איר קול. זי רופט מיך: ריוואַ... איך הייב זי אָן צו זוכן אין די אַנדערע צימערן, אין באָד־צימער, און מיר דאַכט זיך, אַז אָט ערשט איז זי דאָ געווען, וואו האָב איך זי אַזוי פאַרלוירן?

יאָ, איך האָב זי אויף אייביק פאַרלוירן. נאָך אײדער מיר זיינען אַהיימגעקומען, צען טעג נאָך אונדזער פאַרלאָזן ישראל, איז גאָלדע אויס־געגאַנגען... אַ פּאָר טעג נאָכן אַהיימקומען איז אָנגעקומען אַ ישראל־צייטונג, וואָס שאול האָט אונדז צוגעשיקט, וואו ס׳איז געווען געמאָלדן וועגן גאָלדעס לוויה.

— „נוחי, אמא, אל תדאגי״ — רו, מאַמע, דאגה ניט. גאָלדע האָט געפאָלגט: זי רוט שוין איצט. זי דאגהט ניט. אָבער איך האָב מיין רו פאַרלוירן פאַר אַ לאַנגער, לאַנגער צייט. ווען איך בלייב נאָר אַליין אין שטוב, דעמאָלט דאַכט זיך מיר, ווי עס רוקן זיך צונויף די ווענט, ווי זיי וואָלטן וועלן מיך צעדריקן און איך הער גאָלדעס שטימע, אַזוי שאַרף און קלאָר: ר י וו אַ...

# אַ לויב צו ישראל!

ישראל! ווי אַנדערש קלינגט מיר דיין נאָמען איצט. נאָך דעם ווי איך האָב דיך שוין דערקענט! פריער האָט דיין נאָמען געקלונגען פאַר מיר בלויז ווי אַ דעראינערונג פון ביבלישע עפּאָכעס, פון אַלטע צייטן, וואָס זיינען דערמאָנט אין תנ״ך. אין דיינע אַלע קאַמפן און בלוטיקע מלחמות האָב איך קיין אָנטייל ניט גענומען. אָבער איצט, שטיי איך פאַר דיר, צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן, איך, אַ טאָכטער פון דיין פאָלק, און קוש דיין ערד, די ערד, וואָס איז אָנגעזאַפּט מיט אַזוי פיל יונג בלוט, אומשולדיק בלוט, וואָס דיינע זין און טעכטער האָבן פרייוויליק אַוועקגעגעבן פאַר דיין באַפרייאונג, פאַר דיין דערלייזונג. ניט דאָס בלוט פון הבל, וואָס שרייט אַרויס פון דער ערד, ניט דאָס בלוט פון זכריה הנביא, וואָס קאָכט און זידט ערגעץ, נאָר ז י י ע ר הייליק בלוט שרייט אַרויס פון דער טיפעניש פון דיין אינגעווייד, שרייט צו דער וועלט און פאָדערט און מאָנט גערעכטיקייט! ישראל, איצט פאַרשטיי איך דיך, איך פאַרשטיי אַ סך זאַכן. איך פאַרשטיי איצט דעם מיין פון „בדמיך חיי״, דורך דיין בלוט וועסטו טאָקע בלייבן לעבן! ווי אַ פאָקל לייכט דיין נאָמען אין מזרח און רופט צו זיך די יידן פון דער וועלט: קומט, העלפט אונדז בויען דאָס יידישע לאַנד און פירן אַן אייגן לעבן!

צו נישטיק, צו שוואַך בין איך צו באַשרייבן דיך, ישראל, איך — אַן אַרבעטערין פון פשוטן פאָלק. עס האָבן דיך שוין אַזוי פיל פּאָעטן און זינגער באַשריבן און באַזונגען, אָבער אַלץ ניט גענוג. האָסט אַזוי פיל נביאים געהאַט, וואָס האָבן דיך באַוויינט און באַקלאָגט, געשטראָפט און געמוסרט. וואו איז איצט דער נביא, וואָס זאָל דיך באַזינגען, דיך גרויסן און דיך לויבן? עס איז נאָך ניט געבוירן געוואָרן דער נביא, וואָס זאָל קענען אָנשרייבן די עפּאָפּעע וועגן דיין ווידער־געבורט.

ישראל, איך האָב דיך ליב באַקומען פון דער ערשטער מינוט אָן. מיט דיינע אַלע מעלות און חסרונות האָב איך דיך ליב, ווי אַ קינד האָט ליב אַ מאַמען. נאָר איך בין אַ שלעכט קינד געווען, ניט געקומען אין צייט צו דיין רוף. איצט האָסטו מיין רו גערויבט, מיך געשטראָפט מיט בענקשאַפט און איך נעם עס אָן באהבה. מיין בענקשאַפט צו דיר ברענגט מיר גלייכגעוויכט און זיכערקייט. איך פיל איך בין ניט אַליין!

איך זע דיך אַ פֿיל־פֿאַרביקע, אַ זוניקע, מיט ברייטע פֿעלדער, וואָס ציען זיך ווייט אַוועק אין די ווייטע האָריזאָנטן, הויכע, שפּיציקע בערג, גרינע, פֿייכטע טאָלן און איבער זיי תּכלת בלויע הימלען, טיף און דורכ־זיכטיק. די הימלען זיינען דאָ טיפֿער און בלויער ווי אומעטום. דער טאָג, דאַכט זיך, איז לענגער ווי ערגעץ אַנדערש. עס דאַכט זיך מיר, אַז איך הער נאָך דעם עכאָ אין די בערג פֿון יהושע בן־נונס קול: זאָל נאָך די זון זיך פֿאַרהאַלטן אין מזרח, די מלחמה איז נאָך ניט פֿאַרענדיקט. מיט אַ מאָל פֿאַלט צו די נאַכט, און מיט אַ מאָל ברעכט אויף טאָג, ניטאָ קיין באַגינען אָדער בין־השמשות.

ישׂראל, ביסט אויפֿגעשטאַנען פֿון „טאָל פֿון די טרוקענע ביינער״, ווי אין יחזקאלס נבואה, און האָסט וואונדער באַוויזן. דעם ערשטן וואונדער, אַז דו לעבסט און וועסט בלייבן לעבן, און דעם צווייטן וואונדער — די גרויסקייט פֿון דיר! ניט אין שטח מעסט איך, נאָר אין מעשׂים. אין וואונדערלעכע מעשׂים. זאָלן זיי קומען און זען, די שׂונאים דיינע „למה יאמרו הגויים״, וואָס וועלן זיי זאָגן? אפֿשר וואָלטן זיי עפּעס געלערנט פֿאַר זיך? אפֿשר וואָלטן זיי איינגעזען, אַז ס׳איז בעסער צו זיין אַן עם־הספר, איידער אַן עם־החרב? און דאַן וואָלט מקוים געוואָרן די צווייטע נבואה — די נבואה פֿון ישעיהו הנביא — והיה באחרית הימים.

איך זע דיך אין דיינע ווייסע נעכט מיט פֿולער לבֿנה, אַ צוגע־שטילטע, טרוימעריש פֿאַרליבט, אָבער ערנסט. ערגעץ וואו מען באַדאַרף, וואַכט אַ וואַכזאַם אויג: „לא ינום ולא ישן שומר ישׂראל״. אין נגבֿה, עין החורש, מצודת־יאבֿ, וואו אַזוי פֿיל פֿון דיינע קינדער זיינען אומגע־קומען פֿאַר דיין באַפֿרייאונג, שטייט עמיץ אויף דער וואַך! צו טייער האָסטו באַצאָלט פֿאַר דיין פֿרייהייט, צו לאָזן זיך וואוילגיין און כאַפּן אַ דרימל. פֿון אַלע זייטן לויערן זיי, די בייזע חיות און ווילן דיך פֿאַרצוקן. אָבער דו שטייסט פֿעסט אויף דיינע פֿיס, אין איין האַנט דעם גראָב־אייזן און אין דער צווייטער — די שווערד. און אַזוי באַוואַכסטו און פֿאַר־טיידיקסט דיין ערד.

געבענטשט זאָלסטו זיין, ישׂראל, דאָס לאַנד פֿון מיין פֿאָלק, מוסטער פֿאַר אַלע פֿעלקער!



אַ טייל פון דער פאַמיליע יאָניש, קיין עין-הרע.



איך מיט גאָלדען האָבן זיך גלייך צוגעטוליעט איינע צו דער אַנדערער, נאָך בעסער ווי צוויי שוועסטערס.



זיין געליבטע איז די מולדת
און מרתה זיין ווייב.



אשר, גאָלדעס מאַמע, מומע ריווע.



דער גבאי פון דער ישיבה פון מאה-שערים.



ליגט אין שטילער רו, הייליקע גבורים,
כבוד אייער אָנדענק!



אַ גרופּע אַראַבישע און בעדואינישע סוחרים
אויסגעפּוצט אין זייער גאַנצן טראַכט.

דער שפּיטאָל פאַר קימפעטאָרינס פון דער „אינטערנעשאָנאַל".



אַזולאי זעצט זיך אַרויף אויף זיין
מאָטאָרציקל ווי אַ קעניג אויף
זיין טראָן.



דער איינציקער יידישער עפנטלעכער אויפרוף אין ישראל.



נאָך איידער פּעטער חיים שטעלט אָן ריכטיק זיין אַפּאַראַטל,
פאַרשטעלט זי מיט איין האַנט דאָס פּנים.



מיין אויפמערקזאַמקייט האָט געצויגן אַ גרויסער, שיינער
אויסגעפּוצטער קעמל.



איך האָב זיי מכבד געווען מיט צוקערלעך, אָבער זיי האָבן
זיך געשעמט צוצוגיין עס נעמען.